# נאָוואַרעדאָק

## איהר היסטאָריע און איהר היינטיגער לעבען

פון

## אַלכסנדר האַרקאַווי

---

**מיט אַן אַלבום:**

בילדער פון פערזאָנען, אַנזיכטען פון גאַסען, געביידעס, אינסטיטוציעס און גרופּעס פון דער באַפעלקערונג.

---

אַרויסגעגעבען פון „נאָוואַרעדאָקער הילף-קאָמיטעט אין ניו יאָרק", לטובת דעם פאָנד צו העלפען די שטאָט.




---

ניו יאָרק,

גרייזעל  פּרעס

.1921

## קאָמיטע פאַר די אַרויסגעבונג פון דעם בוך.

מאַקס אָברינסקי, סעקרעטאַר.
ראובן פאַלק, טרעזשורער.

| | |
|---|---|
| דוב בער אַריעוויץ | היימאַן איזראַעל |
| אלכסנדר האַרקאַווי | דוד בעלל |
| יעקב פיינמאַן | דזשאָזעף ניאַנקאָווסקי |
| דזשייקאָב מאַסלאָוו | לואיס לאַגאָדסקי |
| הערדי קאַפּלאַן | נחום אליה לעמוט |
| לואיס גאַלינסקי | איזידאָר שפּירא |

באַשטעלונגען אויף'ן בוך און געלטזענדונגען צו אדרעסירען:

R. FALK,
26 Bond Street, New York, N. Y.

## צו די נאַוואַרעדאָקער אין אַמעריקע.

דאָס בוך „נאַוואַרעדאָק“ ווערט ארויסגעגעבען לטובת דעם פאָנד צו העלפען אונזער געבורטשטאָט, וועלכע איז פאַראומגליקט געוואָרען דורך די וועלט־מלחמה. עס איז דעריבער אייער הייליגער חוב צו מאַכען זיין הכנסה אַזוי גרויס ווי מעגליך. עס זיינען געדרוקט געוואָרען טויזענט עקזעמפּלאַרען. בערך 300 זיינען פאַרקויפט געוואָרען פאָרויס; די איבעריגע וואַרטען אויף קונים. דער פרייז איז — די גוטע האַרץ און די קעשענע פון אונזערע שטאָטלייט.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דאָס בוך דאַרף ביי די נאַוואַרעדאָקער זיין ווילקאָמען. אין איהם וועלען זיי געפינען די היסטאָריע פון די אַלטע צייטען פון זייער שטאָט, אַ שילדערונג פון איהר היינטיגען לעבען און ידיעות וועגען זייער קאָלאָניע אין אַמעריקע. זיי גועלען ווערען פאַר׳כשופט צו זעהן אין דעם „אַלבום“ די געשטאַלטען פון זייערע אַמאָליגע גדולים און ליבלינגען, די אָנזיכטען פון דער שטאָט און איהרע היינטיגע לייט, ווי אויך די בילדער פון אַמעריקאַנער נאַוואַרעדאָק!

טוט אייער פליכט, נאַוואַרעדאָקער! זעהט, אַז דאָס בוך זאָל ברייננגען די געוויינשטע רעזולטאַטען לטובת דער אויפבויאונג פון דעם חרוב׳ען לעבען אין אונזער אַלטער היים!

אַלכסנדר האַרקאַווי.

ניו יאָרק, 20טען מאַי, 1291.

# ליסט פון אַבאָנענטען אויף דעם בוך „נאַוואַרעדאָק.“

---

## ניו יאָרק.

### א

אַבושעוויץ, נייטהען — $5.00
אַבראַמאָוויץ, איזידאָר — 10.00
אַבראַמאָוויץ, אפרים לייב — 5.00
אַבראַמאָוויץ, הערריַ — 3.00
אַבראַמאָוויץ, מ. — 2.00
אַבראַמאָוויץ, רפאל — 5.00
אָברינסקי, מאַקס — 10.00
אַייזעקס, מיסס בעללאַ — 2.00
איזראַעל, היימאַן — 3.00
איזראַעליט־פוירפער, מרס. עטעל 5.00
אַלעקסאַנדראָוויץ, איזידאָר — 5.00
אַלפערשטיין, הערריַ — 25.00
אַריעוויץ, דוב בער — 5.00

### ב

באַיאַרסקי, הערריַ — 5.00
באַקסט, הערריַ — 5.00
בלומפיעלד, איזידאָר און עטעל — 6.00
בעלל, דוד — 5.00
בערניקאָף, מרס. סאָניע — 5.00
ברוק, מרס. בעססי — 2.00
ברוק, איסר — 3.00
ברוק, יחיאל — 2.00
ברוק־פאַלעי, רבקה — 5.00

### ג

גאָלינסקי, לואיס — 10.00
גאָרדאָן, ה. — 3.00
גומניץ, משה מרדכי — 5.00
גינזבורג, בן־ציון (אַדוואָקאַט) — —
גלאַזער, ישעיה — 5.00
גערבער, מיסס בעקי — 3.00
גערשאָן, מאָררים — 5.00
גערשאָן, ריטשאַרד — 3.00
גערשענאָוויץ, רפאל — 5.00
גראָס, מיסס סיידי — 3.00
גראָסבערג, לואיס — 3.00

### ד

דיאַליאַ, ירחמיאל — 3.00
דיימאָנד, מאָררים — 5.00
דעקער, מ. — 5.00

### ה

האַרקאַווי, אלכסנדר — 10.00
האַרקאַווי, דר. סאַמיועל — 50.00
האָראָוויץ, דזשאָזעף — 50.00
הורוויץ, הרב יעקב — —
הורוויץ, דר. ס. — 5.00
היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני — 100.00
היטאָוויץ, דזש. — 5.00

### וו

וויינער, מאָררים — 25.00
וועלקין, אייבראַהאַם — 2.00

### ז

זוסמאַן, מאָררים — 10.00
זלאָטניק, מיסס דאָראַ — 5.00
זלאָטניק, אייבראַהאַם — 10.00
זלאָטניק, לואיס — 10.00

### ט

טענזער, ה. — 5.00

### י

יעלין, מאַקס — 10.00

### ל

לאַגאָדסקי, לואיס — 5.00
לאַגער, וויליאַם — 2.00
לובאָוו, לעאָן — 10.00
לובעצקי, ראובן — 5.00
לובין, ר. — 2.00
לובעל, א. — 5.00
לייבאָוויץ, אייבראַהאַם — 5.00
לייבאָוויץ, דזשאָזעף — 5.00
לייבאָוויץ, דייוויס — 2.00
ליצקי, לואיס — 10.00
לעוו, וואָלף — 2.00
לעווינט, מיסס שרה — 5.00
לעווין, מ. — 3.00
לעווין, סעם — 5.00
לעמוט, נחום אליהו און נחמה — 25.00
לעמוט, אָשר — 5.00

### מ

מאַהאָפּ, דזש. — 5.00
מאַנדעל, מרס. סאָפיע — 5.00
מאָסס, אַראָן — 25.00
מאָסס, איסאַק — 5.00

מאַסלאָוו, יעקב — $3.00
מאַסלאָוו, איסאַק — 5.00
מאַרקוס, פעשע און מרדכי וועלוועל 5.00
מיללער, מרס. פעסעל — 10.00
מיללער, דר. סאַמיועל — 5.00
מיללער, דר. רודאָלף — 5.00
מיללער, ר. י. — 3.00
מעצניק, יעקב דוב — 3.00
מעסעלעף, ה. — 2.00
מעסניק, מאיר — 2.00

## נ

ניאַנקאָווסקי, דזשאָזעף — 5.00
נאַבימאָווסקי, דוד — 5.00
נומאָף, אורווינג — 2.00
ניקאָלס, סידני — 5.00
ניקאָלס, סעם — 5.00
נעשווייזקי, איזיק — 2.00

## ס

סאַדאָווסקי, מאָררים — 5.00
סאַבאַראָף, מיסס טייבע — 5.00
סאַבאַראָף, דוד, — 3.00
סאָלאָוועי, דזשייקאָב — —
סאָלאָף, סעם — 3.00
סאָלאָמאָן, איסאַק — 25.00
סאָלופסקי, איזידאָר — 3.00
סוטין, היימאַן — 5.00
סילווערמאַן, מרס. מ. — 5.00
סיימאַן, מאַקס — 5.00
סלאַדאָווסקי, ל. — 5.00
סעלצער, לייזער — —
סעלצער, מיסס ענני — 10.00
סעלצער, דזשוליוס — 3.00
סעלצער, לואיס — 3.00
סעלצער, פיליפ — 3.00
סענאָוויצקי, מאָררים — 5.00
ספּענסער, — 2.00

## ע

עלין, אייבראַהאַם — 5.00
עסקאָוויץ, דזש. — 3.00
עפּשטיין, דזשייקאָב — 3.00

## פ, פּ

באַלק, ראובן — 25.00
פּאַרמאַן, סעם — 5.00
פּוטערמאַן, — 2.00
פישער, לואיס — 5.00
פישער, סעם — 25.00
פיין, אייבראַהאַם — 5.00
פיין, מאָררים — 3.00
פיינמאַן, יעקב — 10.00
פּיינמאַן, יצחק — 5.00
פיינמאַן, דזשייקאָב — $3.00
פּיקער, דייוו — —
פּאָלאָנסקי, סעם — 5.00

## ק

קאַבאַק, אייבראַהאַם — 25.00
קאַבאַק, הערמאַן — 5.00
קאַבאַק, פיליפ — 5.00
קאַבאַק, סעם — 2.00
קאַבאַק, מרס. שרה — 3.00
קאַהאַן, ה. — 3.00
קאַהן, היימאַן — 5.00
קאַהן, מיסס גאָלדע — 5.00
קאָהען, ב. — 5.00
קאָהען, היימאַן — 5.00
קאָהען, מיכל — 5.00
קאָהען, מיסס איידאַ — 2.00
קאָהען, מיסס ראָזאַ — 2.00
קאַלמאַנאָוויץ, פּרץ — 3.00
קאַמענעצקי, דזשוליוס — 3.00
קאַנטער, היימאַן — 3.00
קאַנטראָוויץ, א. — 3.00
קאַפּלאַן בראָדהערס — 50.00
קאַפּלאַן, הערי — 5.00
קאַפּלאַן, ה. — 5.00
קאַפּלאַן, ה. — 2.00
קארול, היימאַן — 5.00
קוליק, מרס. לאה — 2.00
קוליק, דזשייקאָב — 5.00
קירשטיין, דוד — 5.00
קלובאַק, מ. — 3.00
קלובאַק, סאַמיועל — 5.00
קלינג, דר. יחיאל און בערטהאַ — 25.00
קריינעס, ברוך — 5.00

## ר

ראָו, א. — 10.00
ראָזאָפּסקי, טשאַרלס — 5.00
ראָזען, דזשאָזעף — 5.00
ראָזען, דזשוליוס — 5.00
ראָזענבלום, דייוויד — 3.00
ראָזענבלום, ראַפאַעל — 5.00
ראָטה, דזש. — 5.00
רוטה, אייבראַהאַם — 5.00
רוטינסקי, דזש. — 3.00
רוטינסקי, לואיס — 3.00

## ש

שאָר, הערי — —
שאַפּירא, מרס. הינדע — 10.00
שאַפּירא, איזידאָר — 5.00
שומישעלעוויץ, יונה — 5.00
שינענסקי, היימאַן — 25.00

שליאָזבערג, מ. — — — — — — — $5.00
שלענגעל, גרשון חנן — — — — 2.00
שעריעשעפסקי, סאָלאָמאָן — — — 5.00

**מאונט ווארנאָן, נ. י.**

זובקאָווסקי, ה. — — — — — $5.00

**ניו בראיטאָן, נ. י.**

ראַקאָוויץ, סעם — — — — — — $5.00

**פלאָרעל גארדען, לאָנג איילאנד, נ. י.**

סאָקאָלאָווסקי, מאַקס — — — — $5.00

**דזשוירזי סיטי, נ. דזש.**

גאָלדבערג, סאַמיועל — — — — $5.00

**יוניאָן הילל, נ. דזש.**

עסקאָף, מרס. שיינע רייזע — — $3.00

**ניוארק, נ. דזש.**

בערקאָוויץ, מרס. ראָזא — — — $5.00
וואָולף, פיליפּ — — — — — — 5.00
ליימאַן, מאָררים — — — — — 10.00
פּאַלעמט, מייער — — — — — 3.00
קאַפּלאַן, ב. — — — — — — — 3.00

**בעיאָן, נ. דזש.**

דזשייקאָבאָוויץ, מ. — — — — — $5.00

**מאָנטקלעיר, נ. דזש.**

פריעדמאַן, דזש. — — — — — — $2.00

**טרענטאָן, נ. דזש.**

קאַפּלאַן, ראובן — — — — — — $3.00

**אַטלאַנטיק סיטי, נ. דזש.**

שוואַרץ, מאַקס — — — — — — — $5.00

**פילאַדעלפיא, פּאַ.**

קרעמען, מאָררים — — — — — — $2.00

**וויללימאַנטיק, קאָנן.**

זובאָוו, קלמן — — — — — — — $5.00

**וואונסאָקעט, ר. א.**

ראַבינאָוויץ, אליהו — — — — — $10.00

**ספרינגפילד, מאַסס.**

אַלפערט, מייער — — — — — $5.00
אַלפערט, מ. — — — — — — — 5.00

**ווינניפעג, קאַנאַדאַ.**

קאָפּשטיין, רחמה — — — — — — $5.00

**האַמילטאָן, קאַנאַדאַ.**

ליפשיץ, גרשון — — — — — — $3.00

**רעפּובליק פּאַנאַמאַ.**

פידלער, ס. — — — — — — — — $50.00

# אינהאַלט.

## I.



## II.



## III.



## IV.



---

# אָ ל ב ו ם.

## I.

# געאָגראַפיע און אַלגעמיינע היסטאָריע.

ג ע אָ ג ר אַ פ י ע. נאַוואַרעדאָק*) ליגט אין דעם 26טען גראַד פון לענג און 53טען גראַד פון ברייט אין צפון. זי איז די הויפּטשטאָט פון דעם באַצירק (אויעזד, פּאָוויאַט) נאַוואַרעדאָק אין מינסקער גובערניע און ליגט 143 ווי‏אָרסט פון מינסק צו דרום־מערב, ניט ווייט פון אַ קליינעם וואַסער, וואָס פאַלט אריין אין דעם טייך ניעמען. אַרום איהר ליגען פילע שטעט און שטעטלאַך, וועלכע זיי־נען אידען גוט באַקאַנט. צו צפון פון איהר, בערך אויף אַ ווייטקייט ווי זי איז פון מינסק, ליגט די באַריהמטע שטאָט ווילנע. נאָהנט פון איהר איז סלאָנים אין האָראָדנער גובערניע. פון דער קאַרטע פון אַ טייל פון ביעלאָרוסיע, וועלכע ווערט דאָ געגעבען, וועט מען זעהן גענוי איהר לאַגע צווישען די שטעט און שטעטלאַך פון דעם אידישען תחום אין ביעלאָרוסיע.

אין אונזערע צייטען איז נאַוואַרעדאָק אַ שטאָט מיט אַ קליינער רעפּוטאַציע. עס זיינען אָבער געווען צייטען, ווען זי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָליע צווישען איהרע רוסישע און פּוילישע שוועסטערס. פון אַ היסטאָרישען שטאַנדפּונקט ציהט זי נאָך היינט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון געאָגראַפישע שרייבער.

די שטאָט נאַוואַרעדאָק ליגט אויף אַן אויפגעהייבענעם, באַרגיגען אָרט. אין שטאָט גופא איז דאָ אַ באַרג, וועלכען מען האַלט פאַר אַן אָנגעשאָטענעם, אָבער ער קוקט אויס ווי אַ נאַטירליכער. די נאַטור אַרום דעם דאָזיגען באַרג איז זעהר שען, באַזונדערס אין זומער, ווען די ביימער און פעלדער אַרום שטעלען מיט זיך פאָר אַ פּרעכטיגע פּאַנאָראַמע. מאַנכע טיילען פון שטאָט ליגען אין טאָלען, ווי

---

*)דער נאמען באַדייט אין רוסיש: ב י י ש ט א ט. ווערט אין רוסיש געשריבען נאָוואָגרודאָק, אין אַלט־רוסיש און פּויליש: נ אָ ו ו אָ ג ר אָ ד ע ק. אין אידישע ספרים און דאָקומענטען געשריבען פאַרשיידען: נ אַ ו ו אַ ר י ד אָ ק, נ אַ ו ו ה ר ד אָ ק, נ אַ ו ו אַ ה ר ד אָ ק, נ אַ ו ו אַ ר ד אָ ק,; אין מאָדערנער צייט: נ א ו ו א ג ר ו ד אָ ק. פּינקטליכער, לויט דער אויסשפּראַך, איז די פאָרמע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען פאַר דעם בוך: נ אַ ו ו אַ ר ע ד אָ ק. דער אַדיעקטיוו (שם התואר) איז: נ אַ ו ו אַ ר ע ד אָ ק ע ר, אויך: נ אַ ו ו אַ ר ע ד ק ע ר.

דער היסטאָרישער „ראַצעלאָ"(ראַצעוולאָ). עס איז דאָ אַ טראַדיציע, אַז דאָרטען איז דער ליטווישער פירשט מינדאָווג געזאַלבט געוואָרען, ווען ער האָט זיך באַקעהרט צום קריסטענטום.*) איידער ווילנע איז געבויט געוואָרען איז נאַוואַרעדאַק צייטענווייז געווען די הויפּטשטאָט פון די ליטווישע פירשטען.




קאַרטע פון אַ טייל פון ביעלאָרוסיע
מיט נאַוואַרעדאַק.

דער צענטער פון נאַוואַרעדאַק איז אַ גרויסער רונדער מאַרק, פון וועלכען עס צווייגען זיך די הויפּטגאַסען פון שטאָט. איבער'ן מיטען שטעהען שורות פון קראָמען, געבויט אין אַ מערקווירדיג שענעם סטיל, און אַרום זיי זיינען די שענסטע געביידעס פון שטאָט. צווישען זיי איז חיים ליב בייליג'ס הויז, וועל־

*) וואָלבורינסקי און מאַרקאָוויץ. לקורות עיר נאַוואַהרדאָק ורבניה. וואַרשאַ תרע"ג.

כעם איז פריהער געווען דער אָרט פון רוסישען פּאָליציי־אַמט און איצט פון דעם פּוילישען; מאיר בער פּיקער׳ס הויז, וואו אַמאָל איז געווען די צוקערניע; ר׳ משה הארקאַווי׳ס הויז, וואו עס איז אַמאָל געווען אַ בליהענדער ווייַנגעשעפט, און דער באַריהמטער הענדעל׳ס מויער, וואו אַמאָל איז געווען די קאַזנאַטשיי־סטווע.

פון די מערקווירדיגקייטען פון שטאָט זיינען: דער שלאָסבאַרג מיט די חורבות פון די שלעסער פון די פאַרצייטיגע ליטווישע פירשטען; די אַלטע אי־דישע שול, וועלכע איז געבויט אין אַ מערקווירדיג שענעם סטיל פון ארכיטעק־טור; דער „מעטשעט" (געבעט־הויז) פון די טאַטאַרען אויף וואַליקער גאַס; צוויי רוסישע קירכען, פון וועלכע די באַריסאָגליעבסקער איז זעהר אַן אַלטע; און דאָס הויז, אין וועלכען דער גרויסער פּוילישער פּאָעט אדאַם מיצקעוויטש איז געבאָרען געוואָרען.

דער קלימאַט פון דער געגענט, אין וועלכער נאַוואַרעדאָק ליגט, איז אַ מעס־נער. די לופט איז דאָס רוב טרוקען און קלאָר. אַרום שטאָט זיינען דאָ קרע־ניצעס, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זעהר גוטען וואַסער. באַזונדערס גע־שמאַק און געזונט איז דאָס וואַסער פון ב ר י ט ש י נ ק ע, וועלכעס ווערט באַנוצט פאַר סאָמאָווארען.

עקאָנאָמיש איז נאַוואַרעדאָק אָפּהענגיג פון דער פויערשער באַפעלקערונג. אַלע זונטאַג זיינען דאָ פויערשע מערק און אַ פּאָר מאָל אין יאָהר זיינען דאָ ירידים — אין יאַנוואר און מאַרט (דער לעצטער ווערט אָנגערופען „קאָנטראַק־טען"). נאַוואַרעדאָקער סוחרים באַציהען זייערע סחורות פון ווילנע און וואַרשע.

קולטורעל איז נאַוואַרעדאָק געווען די פּרינצעסין פון די שטעטלאַך אַרום. אַמאָל האָט זי געהאַט אַ גימנאַזיע, שפּעטער אַן „אויעזדנע אוטשילישטשע" מיט אַ שענער ביבליאָטעק, וועלכע איז היינט איבערגעגאַנגען צו דער אידישער באַפעלקערונג. ביי אידען האָט זי זיך אויסגעצייכענט מיט לומדות און וועלט־ליכער בילדונג.

די באַפעלקערונג פון נאַוואַרעדאָק באַשטעהט פון אידען, ביעלאָרוסען, פּאָ־ליאַקען און טאַטאַרען (קדרים). דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג איז אַ אידישער. אין די 70־ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט איז די באַ־פעלקערונג געווען איבער צעהן טויזענט נפשות. לויט דעם רוסישען צענזוס פון 1897 האָט זי באַטראָפען 13,656, פון וועלכע 8,137 זיינען געווען אידען. אין די שפּעטערע יאָהרען איז די אידישע באַפעלקערונג געוואָרען פאַרוויינציגט

דורך עמיגראַציע נאָך אַמעריקע. איצט איז די אידישע באַפעלקערונג וועניגער ווי 4,000.

**היסטאָריע.** נאַוואַרעדאָק איז זעהר אַן אַלטע שטאָט. זי האָט שוין עקסיסטירט אין 12־טען יאָהרהונדערט. די צייט, ווען זי איז געגרינדעט געוואָרען איז ניט באַקאַנט. עס איז זיכער, אַז זי איז געבויט געוואָרען פון איינעם פון די קיעווער פירשטען, מעגליך פון יאַראָסלאַוו'ן, אַלס פעסטונג צו באַשיצען דעם רוסישען גרענעץ פון די יאַטווינגען, וועלכע זיינען דאַן געווען באַוואוסט מיט זייערע איבערפאַלען און רציחות. באַקאַנטער ווערט איהר געשיכטע פון דער צייט פון דעם גאַליציש־וואָלינער פירשט דניאל ראָמאַנאָוויטש און דעם ליטווישען פירשט מינדאָווג (1260). פאַרכאַפּענדיג די שכנישע רוסישע געביטען און שטעט האָט מינדאָווג אויך צוגענומען די שטאָט נאַוואַרעדאָק, אין וועלכער ער האָט אָנגענומען די קריסטליכע רעליגיע. מינדאָווג האָט די שטאָט איבערגעגעבען צו זיין זוהן וואָישעלק. אין 1277 האָבען די גאַליציש־וואָלינער פירשטען מיט דער הילף פון די טאַטאַרען געזוכט אָפּצונעהמען די נאַוואַרעדאָקער געגענט פון ליטע, אָבער די זאַך האָט זיך געענדיגט מיט דעם, דאָס די טאַטאַרען האָבען זי פאַרוויסטעט. פון דער צייט פון דעם ליטווישען פירשט געדימין (1340־1315) איז נאַוואַרעדאָק אויף לאַנג פאַרבליבען אונטער ליטע, און אין איהר האָבען געהערשט געדימינ'ס זיהן און אייניקלאַך, וועלכע זיינען שוין געווען פּראַוואָסלאַוונע און רוסיפיצירט. אין 14טען יאָהרהונדערט, נאָך דעם ווי נאַוואַרעדאָק האָט דורכגעלעבט איבערפאַלען פון די טאַטאַרען און די טייטאָנישע (דייטשע) ריטער, פאַרבעסערט זיך איהר לאַגע אונטער דעם פירשט וויטאָווט. אונטער די פירשטען אָלגערד און וויטאָווט שפּילט נאַוואַרעדאָק אַ באַדייטענדע ראָליע אַלס אָרט פון פּראַוואָסלאַווגע מיטראָפּאָליטען*). נאָך דעם ווי די רוסישע מיטראָפּאָליע איז צעטיילט געוואָרען אויף קיעווער און מאָסקעווער (אין 1459), האָבען די קיעווער מיטראָפּאָליטען מעהרסטענס געוואוינט אין נאַוואַרעדאָק און האָבען פון דאַנען ארויסגעגעבען זייערע גראַמאָטעס (שריפטען). דאָ זיינען אויך פאָרגעקומען קריסטליכע אסיפות, ווי צ. ב. די אסיפה פון 1514 אונטער דעם מיטראָפּאָליט מאַקאַרי דעם 2טען. אין נאַוואַרעדאָק זיינען געווען עטליכע פּראַוואָסלאַווניע קירכען, צווישען זיי אויך דער באָריסאָ־

*) פון יענער צייט, קען זיין, שטאַמט דער נאָמען פון דער נאַוואַרעדאָקער אידישער פאַמיליע **מיטראָפּאָליטאַנסקי.**

גליעבסקער סאָבאָר, וועלכער עקסיסטירט נאָך איצט. פון דעם יאָהר 1444 איז נאַוואַרעדאָק די הויפּטשטאָט פון נאַוואַרעדאָקער וואָיעוואָדסטווע, צו וועלכער עס האָבען געהערט סלוצק, סלאָנים און וואָלקאָוויסק. אין 1448 איז דאָ צוזאַמענגעקומען אין דער אַנוועזענהייט פון קאַזימיר דעם 4טען דער ליטווישער סיים צו פאַרטיידיגען די רעכטען פון דעם ליטווישען פירשטענטום געגען די פּרעטענזיעס פון פּוילען. אין 1511 האָט נאַוואַרעדאָק געקראָגען דאָס מאַגדעבורגער רעכט*). אין 1581 איז נאַוואַרעדאָק געוואָרען באַשטימט אַלס פאַרזאַמלונג־אָרט פון טריבונאַל־געריכט און איז אַלס אַזעלכער פאַרבליבען ביז 1775, ווען דער טריבונאַל איז אַריבערגעפיהרט געוואָרען אין האָראָדנע. דיזע ענדערונג איז געוועזען טיילס צו פאַרדאַנקען דעם אונטערגאַנג פון דער שטאָט נאָך דער גרויסער שרפה אין 1751. נאָך דער אונטערוואַרפונג פון נאַוואַרעדאָק צוזאַמען מיט דעם מערב׳דיגען טייל פון ווייסרוסלאַנד אונטער רוסלאַנד אין 1751, איז זי געוואָרען פאַרוואַנדעלט אין אַן אויעזדנע שטאָט, צוערשט פון סלאָנימער פּראָווינץ און דערנאָך, אין 1797, פון ליטאָווסקער גובערניע, אין 1801 פון האָראָדנער, און פון 1842 אָן פון מינסקער גובערניע.

אין 1812 האָט נאַוואַרעדאָק געליטען פון אַ באַפאַל פון די פּאָליאַקען, וועלכע האָבען אַנטייל גענומען אין נאַפּאָלעאָנ׳ס מלחמות. אַלס רעזולטאַט פון דעם דאָזיגען באַפאַל איז די שטאָט צעראַבירט געוואָרען און עס איז דאָרטען פאָרגעקומען אַ שוידערליכע בלוטבאָד. לויט אַ היסטאָרישען באַריכט פון יענער צייט האָט מען נאָך דעם אָפּטרעטען פון דער פּוילישער אַרמיי פון דער שטאָט געפונען נאַקעטע טויטע קערפּערס פון פרויען זיך וואַלגערנדיג אין די גאַסען**). דאָס איז געווים געוועזען אַ פּאָגראָם אויף די אידישע באַפעלקערונג, ווייל די איינוואוינער פון שטאָט זיינען דאַן כמעט קיין אַנדערע ניט געוועזען ווי אידען.

דער נאַוואַרעדאָקער שלאָס, לויט זיין ערשטען געבוי, געהערט געווים צו דער צייט פון דער הערשאַפט פון די ערשטע ליטוויש־רוסישע פירשטען און ער איז געבויט געוואָרען מיט דעם ציל צו באַשיצען די שטאָט און די אומגעגענט פון אויסערע שונאים, די יאַטווינגען, טאַטאַרען און די טייטאָנישע ריטער. די

---

*) אַ סיסטעם פון אַדמיניסטראַטיווער זעלבסטשטענדיגקייט פון שטעט, איינגעפיהרט פון דעם מאַגדענבורגער אַרצ־בישאָף וויכמאַנן (1152–1192).

**) גראַף ק. אַ. פּרעפּטאָוויטש־בוטעניעוו, „זאַפּיסקאַ אָ וואָיענניך דייסטוויאַך וו 1812 גאָדו.“ (רוסיש: פאַרצייכנונג וועגען די מיליטערישע אָפּעראַציעס אין 1812). פּעטערבורג 1911, ז. 18.

טורעמס פון דעם שלאָס ווערען אין די טראַדיציעס פון דעם אָרט אָנגערופען די „מינדאָווגער". נאָך אין דער צווייטער העלפט פון 13טען יאָהרהונדערט ווערען דערמאָהנט אין די נאָהענטע שטעט די זיילען אָדער טורעמס אַלס מיליטערישע בעסטונגען. אין 1505, ווען די טאַטאַרען האָבען געמאַכט אַ באַפאַל אויף נאַווארעדאָקער געגענט, האָבען זיי דעם שלאָס ניט געקענט נעהמען און האָבען צעראַבעוועט די שטאָט*).

אין די 70־ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט האָט מען געמאַכט אויסגראָבונגען אויף'ן שלאָסבאַרג און מען האָט געפונען פילע מענשליכע שארבענס און אַנדערע ביינער. דאָס זיינען געוועזן שפורען פון שלאַכטען, וואָס זיינען דאָרטען אמאָל פאָרגעקומען.

---

.II

# היסטאָריע פון אידען אין נאַוואַרעדאָק.

## די עלטערע צייט.

די אידישע קהילה אין נאַוואַרעדאָק איז איינע פון די עלטעסטע אין ליטע. צום ערשטען מאָל ווערען אידען אין פאַרבינדונג מיט נאַוואַרעדאָק דערמאָהנט אין אַ דאָקומענט פון 1484, ווען דער פוילישער קעניג קאַזימיר יאַגעלאָן האָט איבערגעגעבען די אַרענדע אויף די שטייערן פון דער שטאָט צו אילִיא מאָיסעיעוויטש, רובין סאַקאָוויטש (איסאַקאָוויטש?), אַבראַם דאַנילאָוויטש און יעסקאָ שעלאָמאָוויטש, אידען פון טראָק. נאַוואַרעדאָק ווערט דערנאָך דערמאָהנט אין צוויי דאָקומענטען פון דעם יאָהר 1529. דעם 21טען יאַנוואַר פון דעם יאָהר איז אויף די אידען פון נאַוואַרעדאָק, ווי אויף די אידען פון אַנדערע ליטווישע שטעט, אַרויפגעלעגט געוואָרען אַ ספּעציעלע מיליטערישע שטייער. דעם 4טען מאַרט פון דעם זעלביגען יאָהר האָט דער קעניג סיגיזמונד באַפוילען דעם וואָיעוואָדע פון נאַוואַרעדאָק צו געבען יעדע נעטיגע הילף דעם צאָלפאַכטער מיכאל יוזעפאָוויטש איינצומאָהנען די שטייערן אין דער גאַנצער געגענט. אין אַ דאָקומענט פון דעם 27טען נאָוועמבער 1551 ווערט נאַוואַרעדאָק דערמאָהנט צווישען די שטעט, וואָס זיינען באַ־

---

*) ביעלאָרוסיאַ אי ליטוואַ (רוסיש). סט. פעטערבורג 1890. אָנמערקונגען ז. 133־135.

פרייט געוואָרען פון דער ספּעציעלער שטייער, וועלכע איז באַצייכענט געוואָרען מיט דעם נאָמען „סערעבשטשינא“ (זילבער־שטייער).

אין 1559 האָט קעניג סיגיזמונד־אווגוסט באַפוילען די שטאָט־באַאַמטע פון נאַוואַרעדאַק ניט צו מאַכען קיין שטערונגען די אידישע צאָל־פּעכטער י ע ק ב י ח י א ל אָ ו ו י ט ש פון בריסק און נ י ס ן ח י י מ אָ ו ו י ט ש פון האָראָדנע, אין איינמאָהנען די שטייערן. דורך אַ שריפט פון 24טען סעפטעמבער 1563 האָט סיגיזמונד־אווגוסט באַפוילען די אידען פון נאַוואַרעדאַק צו באַזעצען זיך אין דער אונטערן טייל פון דער שטאָט (אונטער'ן בארג) אויף ווילנער און טרומסקער גאַס, און אויפהערען בויען הייזער אויף פאַדליאַשקער גאַס. דער קעניג האָט זיי באַשטראָפט מיט 1600 דוקאַטען און האָט באַפוילען זיי זאָלען ארויסציהען פון די הייזער אויף דער דאָזיגער גאַס.

אין 1565 זיינען די שטייערן פון שטאָט פאַררדוננגען געוואָרען צו ד ו ד ש מ ע ר ל אָ ו ו י ט ש און זיינע שותפים פון בריסק.

דעם 20טען יולי 1576 האָט דער קעניג סטעפאַן באַטאָרי באַנייט די פּריווילעגיעס פון די אידען אין נאַוואַרעדאַק. צווישען די באַ־יהמטע סוחרים פון דער שטאָט צו יענער צייט איז געווען ל אַ ז אַ ר ש מ אָ י ל אָ ו ו י ט ש*).

צו ענדע 17טען יאָהרהונדערט געפינען מיר באַשרענקונגען פון די רעכטען פון אידען אין נאַוואַרעדאַק. די קריסטליכע בירגער פון נאַוואַרעדאַקער וואָיעוואָדסטווע פאָדערן אין זייערע אינסטרוקציעס צו די דעפּוטאַטען צווישען אנדערע זאַכען, מען זאָל פאַרטאָפּלען די אידישע קאָפּ־שטייער, און דער אדעל פאַרלאַנגט מען זאָל פאַרבאָטען די אידען איינצומאָהנען די שטייערן פון ארענדעס, צאָלאַמטען און שטאָט־טויערן, אקציז און אנדערע שטייערן, און דער עיקר צו פאַרבאָטען די אידען האַלטען קריסטליכע דינערשאַפט**).

צווישען די פאַרשיידענע קהילות, וועלכע האָבען פון קעניג סיגיזמונד־אווגוסט באַקומען באַשטעטיגונגען פון זייערע פּריווילעגיעס, איז אויך געווען די קהילה פון נאַוואַרעדאַק. זי איז אויך געווען צווישען די קהילות, צו וועלכע קעניג סטעפאַן באַטאָרי האָט אין יאָהר 1578 געשיקט אַ שטרענגען אויסרייד פאַר ניט באַצאָהלען די ספּעציעלע אידישע שטייער*).

---

*) ז. אַרטיקעל Novogrudok אין דער Jewish Encyclopedia באַנד 9, ז. 342.

**) ס. אַ. ב ע ר ש אַ ד ס ק י, „ליטאָווסקיע יעווריעי“ (ליטווישע אידען, רוסיש). פּעטערבורג 1883, ז. 36. אָנמערקונג.

נאוואַרעדאָקער קהילה ווערט דערמאָהנט אין פילע אַקטען פון 16טען יאָהר־הונדערט, פון וועלכע עס איז צו זעהן, דאָס זי האָט פאַרנומען אַ שענעם אָרט צווישען די אידישע קהילות פון יענער צייט.

אין אידישע קוועלען געפינט מען ווייניג פון דער געשיכטע פון אידען אין נאוואַרעדאָק אין 15טען און 16טען יאָהרהונדערט. די עלטעסטע אידישע קוועל, וואו נאוואַרעדאָק ווערט דערמאָהנט, איז דער ספר פון שאלות ותשובות פון ר' שלמה לוריא (געשט. 1575). אין איינער פון די תשובות האַנדעלט זיך פון דעם עונש פון אַ „מנבל פיו" (איינער וואָס רעדט מיאוסע רייד) און ר' שלמה לוריא גיט אויף איהם דעם פסק, וועלכען ער שליסט מיט פאָלגענדע ווערטער: ואת קהלא קדישא נאווארידאָק גוזרני עליכם בכל העונשים שתגזרו עליו שיקיים פסק דין ה"נל וכו'. (לקורות היהודים ברוסיא פולין וליטא, פון בן ציון כ"ץ, ז. 26.) שפּעטער ווערט נאוואַרעדאָק זעהר אָפט דערמאָהנט אין ספרים אין פאַרבינדונג מיט רבנות און תורה.

אין דער עלטערער צייט איז אין נאוואַרעדאָק אויך געווען אַ קהילה פון קאַראַאימעס — אַ פאַקט, וועלכער איז זעהר ווייניג באַקאַנט, אָבער איז באַשטעטיגט דורך דאָקומענטען, וועלכע געפינען זיך אין דער פּעטערבורגער קייזערליכער ביבליאָטעק. פון אייניגע פון די דאָקומענטען איז צו זעהן, אַז אין אָנפאַנג 17טען יאָהרהונדערט זיינען קאַראַאימעס שוין דאָ געווען איינגעפונדעוועט. פון שריפטען, וועלכע דאַטירען פון 18טען יאָהרהונדערט, זעהט עס אויס, אַז נאוואַרעדאָק איז צו יענער צייט געווען דער מיטעלפונקט פון קאַראַאימישע צוזאַמענפאַהרען. אין 1740 זיינען געשיקט געוואָרען דעפּוטאַטען פון טראָק, זיטאָמיר און אנדערע ערטער נאָך נאוואַרעדאָק זיך צו באַראַטען וועגען דעם ענין פון שטייער*). ווען די קאַראַאימעס האָבען זיך דאָ באַזעצט — פאַר דעם איז ניטאָ קיין דאָקומענטאַרער באַווייז. עס איז מעגליך, אַז זיי האָבען זיך דאָ באַזעצט נלייכצייטיג מיט די טאַטאַרען, צו ענדע פון 13טען יאָהרהונדערט, ווען דער ליטווישער פירשט וויטאָלד האָט באַזעצט קאַראַאימעס און געפאַנגענע טאַטאַרען אַלס קאָלאָניסטען אין ליטע.

*) אַדאָלף נייבויער, אויס דער פּעטערסבורגער ביבליאָטהעק. בייטרעגע אונד דאָקומענטע צור געשיכטע דעם קאַרעערטהומס. לייפּציג 1866. זז. 73, 81.

# אין אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט.

פון דער עלטערער צייט פון נאַוואַרעדאָקער אידישער קהילה האָבען מיר ראָקומענטאַרע ידיעות בלויז וועגען איהר פּאָליטישע לאַגע און איהרע באַציהונגען צו דער מלוכה אין דעם ענין פון שטייערן; אָבער וואָס איז נוגע איהר אינערליכען לעבען האָבען מיר פון יענער צייט, אויסער דעם אויבען ציטירטען פּסק פון ר' שלמה לוריא, קיין שום שריפטליכע ידיעה ניט. עטוואָס וועגען דעם אינערליכען לעבען פון די אידען אין נאַוואַרעדאָק געפינען מיר אין רבנישע ספרים פון 18טען יאָהרהונדערט אָן. דאָס ביסעל, וואָס ווערט דערמאָהנט אין די דאָזיגע ספרים, באַשטעהט אין נעמען פון רבנים און מופלגים, וועלכע האָבען אויף זיך געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון זייערע קאָלעגעס אין אַנדערע ערטער. צו פאַרדאַנקען די נייערע אידישע געשיכטעס און כראָניקעס פון שטעט, וועלכע אַנטהאַלטען פילע נעמען פון אידישע גדולים אין ליטע, ווי „קריה נאמנה" פון רש"י פין, „עיר תהלה" פון רא"ל פיינשטיין, „אנשי שם" און „קריה נשגבה" פון ר"ש באָבער, און אַנדערע, איז אונז מעגליך צוזאַמענצושטעלען אַ שטיקעל כראָניקע פון די רבנים פון נאַוואַרעדאָק אין 18טען יאָהרהונדערט.

דער ערשטער אין דער אָרדנונג פון צייט, פון די נאַוואַרעדאָקער רבנים, וואָס ווערען דערמאָהנט אין ספרים, איז געווען, ווי ווייט עס לאָזט זיך באַרעכענען פון ניט־דירעקטע דאַטעס, ר' אבא מארי. ער האָט געלעבט בערך אין דעם מיטען פון דער פינפטער מאה פון אלף הששי. ער האָט גענומען אַ פרוי פון זאַלקוואַ (זשאָלקיעוו) און איז געווען דער פאָטער פון ר' שמשון מזאָלקווא (קריה נשגבה, סי' פא, שו). אין זיין צייט האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע לומדות אַ נאַוואַרעדאָקער מיט'ן נאָמען ר' יוסף, וועלכער איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין בריסק*).

נאָך אברהם מארי זיינען געווען אין נאַוואַרעדאָק פאָלגענדע רבנים:

ר' ראובן בן הרב ר' משה*). פון איהם איז ווייניג באַוואוסט.

ר' שמואל ווילנער, דער זוהן פון ר' שמעלקע פון סלוצק און אייניקעל פון הרב דוד קאָידנובער. ער איז געווען אויף דעם כסא הרבנות אין אָנפאַנג פון דעם זעקסטער מאה (בערך תק...) (קריה נאמנה, ז. 108).

*) לקורות עיר נאַוואהרדאָק ורבניה, מ.

ר׳ אריה ליב, וועלכער איז שפּעטער אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין וויטעבסק. מחבר פון אַ ספר מיט׳ן טיטעל „דברי אריה״. געשטאָרבען כ״ה טבת תקל״א. (אנשי שם, ז. 236.)

ר׳ נפתלי הירץ, אַן אוראייניקעל פון הרב אבא מארי, דער פאָטער פון הרב ר׳ חיים, רב פון זעטיל*).

ר׳ מרדכי מרקיל, פון וועלכען עס איז דאָ אַ פּסק דין פון יאָהר תקנ״ג*).

ר׳ יעקב צבי הירש, וועלכער ווערט דערמאָהנט אין דעם ספר „תולדות אדם״, געדרוקט אין דיהרנפורט אין יאָהר תקס״א**).

ענדליך, ר׳ ישראל ב״ר יהודא ליב (אָדער ווי ער האָט זיך גע־רופען נעהמענדיג ל י ב פאַר זיין פאַמיליען־נאָמען: ר׳ ישראל ל י י ב ל), וועלכער איז פריהער געווען רב אין מאָהליוו. ער איז געווען דער מחבר פון „הויכוח״ (ווארשא תקנ״ח), „מרת חסידות״ (דיטאָ), „תאות צדיקים״ (דיטאָ), „אבן בוחן״ (פראַנקפורט דאָדר תקנ״ט) און אַנדערע ספרים.

דאָס זיינען די רבנים פון נאוואַרעדאָק פאַר אַ משך פון בערך הונדערט יאָהר ביז דעם אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט.

דער וויכטיגסטער פון די אַלע איז אָהן ספק געווען דער לעצטער, ר׳ ישראל ב״ר יהודא ליב (ר׳ ישראל לייבל). אחוץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ גאון אין תורה איז ער אויך געווען אַ קענער פון העברעאיש און דייטש און איז געווען באַגאַבט צום ריידען. ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין ארויסטרעטען געגען דעם חסידיזם, געגען וועלכען ער האָט געקעמפט מיט׳ן צונג און מיט דער פעדער. זיינע ווערק געגען חסידיזם זיינען געווען די ספרים „נגד החסידים״ (ווארשא תקנ״ח), „קברות התאוה״ (דיטאָ) און „גלויבווירדיגע נאַכריכטען פאָן איינער נייען אונד צאָהלרייכען זעקטע אונטער דען יודען אין פּאָלען אונד ליטויען, די זיך חסידים נעננט אונד איהרען דיע מענשהייט עמפּערענדען גרונד־זעטצען אונד לעהרען״ (אין קריסטליך־דייטש, פראַנקפורט אַ. אָ. 1799***). די לעצטע שריפט האָט געהאַט די עהרע פון פילע אויפגענומען צו ווערען אַלס הויפּט־קוועל. זי איז געוואָרען איבערגעדרוקט אין דער דייטשער אידישער צייט־שריפט „שולמית״ (יאָהרגאַנג 1807) און איז פון דאַנען איבערגעזעצט געוואָ־

*) לקורות עיר נאַוואַהרדאָק ורבניה, ט. **) דיטאָ.

***) ג ר ע ט ץ, געשיכטע דער יודען, באַנד 11, ז. 596.

רען אין פראַנצעזיש פון דעם באַריהמטען פראַנצעזישען גייסטליכען גרעגואַר אין זיין ווערק „איבער די רעליגיעזע סעקטעס"*). לויט דעם היסטאָריקער ש. דובנאָוו ווערט דאָס וואָרט „מתנגדים" צום ערשטען מאָל געבראַכט אין ר' ישראל לייבל'ס ספר „הויכוח**).

אין א כתב־יד מיט'ן טיטעל „תורה הקנאות", וועלכער ווערט ציטירט פון ה' דיינאַרד אין דער בראָשורע „חרב חדה", ווערט ר' ישראל לייבל דערמאָהנט אין פאָלגענדע ווערטער: „הן עבר עלינו מוכ"ז הרב הדרשן הגדול המופלג ח כ ם ה ש ל ם כ"ש מו"ה ישראל וכבר יצא לו מוניטון בספרים אשר כתב והעלם על מזבח הדפוס אשר נתקבלו על לב שומעיהם. ויותר מה שכתוב שם מפיו יוציא מלין."

צוליב זיינע אָנגריפען אויף'ן חסידיזם איז ער פון די חסידים געוואָרען פאַר־פאָלגט און זיינע ספרים זיינען געוואָרען פאַר א צייט קאָנפיסקירט דורך א מסירה. דאָס איז געווען אין גאַליציע. אין איין פאַל האָט ער זיך געווענדט מיט א ביטע צום עסטרייכישען קייזער און ער האָט געקראָגען אַן אוידיענץ.

---

# אין ניינצעהנטען יאָהרהונדערט.
# פראָמינענטע בעלי־בתים, מנהיגים פון דער קהילה.

ביז אָנפאַנג 19טען יאָהרהונדערט האָבען מיר ידיעות בלויז פון רבנים. פון דער צייט אָן ווערען אונז שוין אויך באַקאַנט פריוואַטע פערזאָנען פון נאַוואַרע־דאָקער קהילה און איהרע מנהיגים. קוועלען פאַר די ידיעות זיינען: מצבות אויף דעם נאַוואַרעדאָקער בית־עולם, פאַרצייכנונגען אין ספרים און זכרונות פון פערזאָ־נען, וועלכע לעבען נאָך. דער עלטעסטער פון די פראָמינענטע אידישע איינ־

*) אַ העברעאישע איבערזעצונג פון דער בראָשורע אונטער דעם טיטעל „חרב חדה" איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון הר' ג'פרים דיינאַרד (קאָרני, נ. דזש., תרס"ד).

**) געשיכטע פון חסידיזם (רוסיש. וואָסחאָד, 1891. נאָוועמבער, ז. 143.

וואַיינער, פון וועמען עס איז נאָך פאַרבליבען אַ דייטליכע מצבה, איז געווען ר׳ אליהו ב״ר גרשון, דער ברודער פון הרב אלכסנדר זיסקינד און ר׳ משה האַרקאַווי, וועלכע האָבען אין דעם לעבען פון דער שטאָט געשפּילט אַ גרויסע ראָליע.

דער נוסח פון זיין מצבה איז:

א׳בכה במסתרים
ל׳ אביר אבירים
י׳ הגו צדקותיו ביצורים
ה׳ספדו בתמרורים
ו׳קונו (ויקוננו?) הוי דודי והדרים
שהיה ראשי מדברים
ונגלח באחד ההרים
הרב מו״ה אליהו ז״ל
סליק לג׳ ח״י חשון
תקפ״ו בהרב המופלג
מו׳ גרשון שמנוחתו
כבוד בא״י תוב״ב
ט׳ טבת תקפ״ב

ווער עס זיינען געווען פון די אָנגעזעהענע פּערזאָנען אין נאַוואַרעדאָק אין 19טען יאָהרהונדערט, קענען מיר זעהן פון דער ליסט פון „פּרענומעראַנטען" (תתומים, אבאָנענטען), וועלכע קומט פון פאַרנט אין דעם ספר „גליא מסכת" פון דעם בעריהמטען נאַוואַרעדאָקער רב, ר׳ דוד, געדרוקט איז ווילנע אין 1844. עס איז קיין ספק ניט, אַז די דאָזיגע ליסט רעפּרעזענטירט די אָנגעזעהנסטע פּערזאָנען פון דער שטאָט, ווייל אין יענער צייט האָבען זיך געקענט פאַרגינען צו שיינען אַלס פּרענומעראַנטען נאָר חשוב׳ע פאַרמעגליכע לייט. די ליסט איז ווי פאָלגט:

הרב אב״ד (אלכסנדר זיסקינד)
ר׳ משה האַרקאַווי
אבא זאַמקאָווע
אברהם שקעלעפּער
ליב זאַמקאָווע
ראובן בר״ז כ״ץ
יוסף קאַבאַק
מרדכי אלי׳ ווילענקין
מאיר בהגאון מהר״י
חיים בר״א זאַמקאָווע
ליפּמאַן בר״א זאַמקאָווע
אלי׳ ב״ר ראובן כ״ץ זייציק
מאיר וויטקינד
ר׳ מתתי׳ ב״ר יוסף
זאָב וואָלף במוהר״י
שמואל מאיר במוהר״י
שלמה ב״ר שמעון פּאָלאַצאָק
יחזקאל לוריא
גרשון ב״ר יצחק
יעקב במוהר״י כ״ץ זייציק

ישראל זעלוועד
יהודא ליב סופר
שמואל קלמן במוהר"י
חיים ב"ר דוד מאיר
משה בר"ש בלאָך
עקיבא נטע בורשטיין
ר' אלי' ור' בנימין גבאים
דביהכ"נ דחפ"ץ עבור ביהכ"נ
משה יהודא ליב ב"ר נתן נטע
ר' משה אייזיק בהגביר רבי ליב כ"ץ
אפרים בר"מ בלאָך
צבי בר"מ ממונה דביה"מ
עבור ביה"מ הג'
משה כהנא עבור ח"ק שו"ע
מנחם מענדיל ב"ר ברוך סג"ל
בנימין ב"ר משה בהאטין
יצחק ב"ר יוסף קאַבאַק
יוסף ב"ר שמואל קרוהער ממינסק
יוסף בר"י זויציק
נתן נטע ב"ר נפתלי הערץ
טובי' ב"ר אבא כ"ץ
שלמה ב"ר צבי הירש
ארי' ליב ב"ר יואל

אברהם מאַליבאָק
שמואל ב"ר משה
זאב וואָלף ב"ר יעקב
ר' צבי הירש בוילין
משה ב"ר יהודא ליב שו"ב
חיים דובער ב"ר מאיר סג"ל
שבח ב"ר יהודא ליב סופר
אברהם ב"ר יהושע זעליג
שמואל ב"ר צבי הירש כ"ץ
חיים שלמה זלמן מווינא
אברהם אבא בר"י ליב ממיר
יהושע מאיר ב"ר אריה ליב
אריה ליב בהר"א אפנהיים
טוביה יהודא ב"ר שלמה שו"ב
יהודה ליב ב"ר שמעון פּאָלאָצאָק
יהונתן ב"ר נח מלעכעוויץ
צבי הירש בהאטין
אריה ליב ב"ר שמואל
ר' גרשון בר"י האַרקאַווי
אליעזר ב"ר שמואל
יצחק ב"ר אריה ליב ראָזאַנסקי
בנימין חתן הגאון מהור"א מקאַליש
משה ב"ר יצחק מהוראָדנא
חיים ב"ר שלום מזיטיל

אויסער די זיינען פאַרצייכענט צווישען די פרענומעראַנטען פון ווילנע די פאָלגענדע צוויי נעמען:

הרב ר' חיים בר"א מנאַווהרדאָק.

ר' יוסף בצלאל האַרקאַווי

פון די בעלי־בתים פון די 40־ער ביז צום סוף פון די 80־ער יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט האָבען אין נאַוואַרעדאָקער קהילה געשפּילט די גרעסטע ראָליע צוויי פאַמיליעס — די האַרקאַווים און די קאַבאַקעס. פון דער ערשטער האָבען זיך אויסגעצייכענט צוויי ברידער הרב אלכסנדר זיסקינד (געשט. 1850) און זיין ברודער ר' משה האַרקאַווי (געשט. 1876). פון דער צווייטער איז געווען פּראָמינענט ר' יוסף קאַבאַק (געשט. 1880). וועגען הרב אלכסנדר זיסקינד וועט גערעדט ווערען אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל, וואו עס וועלען פאַרצייכענט ווערען די נאַוואַרעדאָקער רבנים פון דער פּעריאָדע. דאָ וועלען מיר זיך אָפּשטעלען אויף די צוויי פּראָמינענטע בעלי־בתים: ר' משה האַרקאַווי און ר' יוסף קאַבאַק.

ר׳ משה האַרקאַווי, ווי אַלע זיינע ברידער, איז דערצויגען געוואָרען אויף תורה, אָבער ער איז געווען אַ פּראַקטישער מענש און האָט זיך אויסגעקליבען אַלס קאַריערע צו זיין אַ סוחר. ער האָט געהאַט אַ גרויסען וויין־ און באַקאַליי־געשעפט, וועלכער האָט געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער געגענט. דאָס איז געווען אַן אָרט, וואו מען האָט געקענט קריגען די טייערסטע ווינען און די שענסטע דעליקאַטעסען. די קונדען זיינען מעהרסטענס געווען די פּריצים פון דער געגענט אַרום, וועלכע פלעגען אָפט קומען אין נאוואַרעדאָק לעבען אַ גוטען טאָג און פּראַוועז בעלער. געפיהרט האָט ער זיך אויף אַ מאָדערנעם שטייגער: שענע געפּוצטע זאַלען, די סחורה אויסגעשטעלט אין שענער אָרדנונג, מיט בוכהאַלטערס און משרתים, גאָרניט ווי אין אַ פּראָווינץ־שטאָט. זיין הכנסה איז געווען באַדייטענד און ער האָט געלעבט בהרחבה. ער האָט זיך געפיהרט שטרענג אידיש: איז שטענדיג געגאַנגען אין אַ יאַרמולקע, אָבער איז געווען נעט געקליידט און ציכטיג אַרום זיך. זייענדיג אַ וועלטליכער מענש האָט ער זיינע קינדער געגעבען אַ וועלטליכע דערציהונג, וועלכע איז אָבער געגאַנגען האַנט־און־האַנט מיט אידישקייט. ער האָט גענומען אַ גרויסען אינטערעס אין די ענינים פון דער קהילה, און אין דעם ענין פון צדקה, פאַר וועלכע, ווי די שטאָט־לייט פלעגען זאָגען, ער האָט געגעבען מ ע ש ר פון זיין הכנסה. ער האָט אויפגעהאַלטען אַן אייגענע קלויז, אַרום וועלכער עס האָבען זיך געגרופּירט די אַריסטאָקראַטען פון נאוואַרעדאָק, ליבעראַלע לומדים און משכילים: שבת נאָך׳ן דאַוונען פלעגען אַלע פון קלויז, ווער עס האָט נאָר געוואָלט, אַריינגעהן אויף „קידוש" אין זיין הויז, וואו עס איז געווען אָנגעגרייט פאַר זיי פון כל־טוב. ער איז געווען זעהר פיל רעספּעקטירט און דער נאָמען ר׳ משה (רעב מאָשע) האָט געקלונגען ווי די העכסטע אויטאָריטעט אין שטאָט. ער איז אויך געווען אָנגעזעהן ביי די רוסישע באַאַמטע פון דער שטאָט און ביי די פּריצים אַרום דער געגענט, און דורך דעם האָט ער געקענט פיל ווירקען לטובת דער נאוואַרעדאָקער קהילה*).

פון זיין הויז איז אָפט געטיילט געוואָרען ברויט פאַר פאַראָרעמטע פאַמיליעס. אויף די הייזליכע צדקות האָט אויפגעפּאַסט זיין פרוי מרת ע ט י ל. זי איז געווען די טאָכטער פון ר׳ בנימין פון שערעשאָוו, האָראָדנער גובערניע.

---

*) וועגען זיין פערזענליכען כאַראַקטער זעה „אַטריוועקי וואָספּאָמינאַני" (שטיקלאַך זכרונות, רוסיש) פון וולאַדימיר האַרקאַווי, אין „פּערעזשיטאָיע", באַנד 4, ז. 271-272.

ר׳ משה איז געשטאָרבען יום א׳ תשרי תרל״ז אין עלטער פון בערך 72 יאָהר. אויף זיין מצבה איז פאָלגענדע אויפשריפט:

מ׳ה גדול שברך עיר נאַווהרדאָק האומללה
ש׳בת משושך ועזרת אביוניך נחדלה
ה׳ורס יסוד נדיביך וצדקתו לארץ נפלה
ב׳כל מאודו תמך ענייך ברוב חמלה
מ׳גביל עתים לתורה ביום גם בלילה
ג׳מל חסד לאביון ומוקיר רבנן בגדולה
ר׳מם קרן משפחתו וכל העיר כולה
ש׳מו הטוב מפארים כל עם סגולה
ו׳יתן מעשר מכל רכושו בשמחה ובצהלה
נ׳פלה העטרה ממנו וכבוד מישראל גלה

זיין פרוי עטיל האָט איהם איבערגעלעבט פינף יאָהר. זי איז געשטאָרבען ה׳ חשון תרמ״ב.

**ר׳ יוסף קאַבאַק**, די אָפּשטאַמונג פון דעם באַריהמטען נאַוואַרע־דאָקער איז דעם שרייבער פון די שורות ניט באַקאַנט. וועגען איהם האָבען די שטאָטלייט דערצעהלט פאַרשיידענע לעגענדעס, פון וועלכע מען האָט גע־קענט ארויסנעהמען, דאָס ער איז געווען א מענש פון אַן אָרעמער אָפּשטאַמונג, וואָס האָט זיך ארויפגעאַרבעט אויף עשירות. צי ער האָט עפּעס געלערנט אין דער יוגענט צי ניט, איז ניט באַוואוסט, אָבער ווען ער איז געווען אין מעמד האָט ער אָפּגעגעבען צייט צו תורה. זיינע געשעפטען זיינען געווען מיט פּריצים און ער האָט שטאַרק מצליח געווען. ער איז צו זיין צייט געווען דער רייכסטער מאַן פון נאַוואַרעדאָק. ווי ר׳ משה האַרקאַווי, איז ער אויך גע־ווען פּאַטריאָטיש פאַר די שטאָט און האָט געזאָרגט לטובת דער קהילה. אחוץ די געוועהנליכע צדקות, האָט ער אויף זיך גענומען א ספּעציעלע צדקה — אלע אָרעמע לייט פון שטאָט אויסצוהאַלטען דעם טאָג שבת מיט דריי סעודות. ער האָט אויך געהאַט זיין אייגענע קלויז. דאָרטען זיינען יעדען שבת געווען גרייט טישען פאַר אַלע, אָהן אויסנאַהם, וואָס זיינען געקומען עסען.

ער איז געשטאָרבען אין א הויכער עלטער אין דעם יאָהר תר״ם (1880). זיין מצבה דערצעהלט זיינע מעשים. דער נוסח פון דער מצבה איז:

פ"נ

הרב המופלג וי"א הגביר מו"ה יוסף במו"ה יחיאל הכהן
קאַבאַק זצ"ל נפ' יום ג' י"ב אדר תר"ם ת'נ'צ'ב'ה.
י'ראת ה' היא אוצרו בלב נאמנה
ו'קבע עתים לתורה בדעת ותבונה
ס'עודות שלש בשבת הסעיד לעניים רבים
פ'יזר נתן לאביונים והשביע רעבים
ב'שיבה טובה נפטר ולמנוחות הלך
י'מליצו מעשיו בעדו וצדק לפניו יהלך
חי'ים שאל מה' ונתן לו אורך ימים
א'ל'הים יסתירהו בסתר כנפיו לעולמים
כ'זוהר יצ'הר ונשמתו תשכן במרומים

ר' יוסף קאבאק איז געווען פאַרבונדען מיט די הארקאווים דורך מחותנ'עשאפט. ער האָט געהאט פון דער פאַמיליע הארקאווי צוויי איידעמס: ר' אליה יהודא, אַן אייניקעל פון דעם אויבען דערמאָהנטען אליהו הארקאווי, און ר' בער הארקאווי, ר' משה'ס א זוהן.

אויסער די הארקאווים און די קאבאַקעס זיינען אין נאַוואַרעדאָק געווען פּראָמינענט די זאַמקאָווים, די ביילינס, די פיקערס, די ראבינאָוויצעס, די חישינס, די סאַפּאָטניצקים, די איזראַעליטעס, די מאָסטקאָווים, די וואגערס, און די מיטראָפּאָליטאַנסקים.

פון די סאַפּאָטניצקים האָט זיך אויסגעצייכענט ר' משה פרומקעס, וועלכער איז געווען איינער פון די פיהרער פון שטאָט. ער האָט אויפגעפאסט אויף די פרומקייט אין דער קהילה און האָט אכטונג געגעבען, אז די תלמידים אין די ישובות און תלמוד־תורה'ס זאָלען ניט געהן ליידיג און זאָלען ניט אראָפּ פון דרך הישר. ר' משה פרומקעס איז געשטאָרבען אין א הויכער עלטער אין דעם יאָהר תרנ"ח. אויף זיין מצבה איז אויפגעשריבען:

פ"נ

י"ז אייר התרנ"ח
ר' משה ב"ר יצחק סאַפּאָטניצקי־מרגלית
אי עוסק בצרכי צבור באמונה הקריה הומיה
אי תופש התורה ומחזי'ק לומדיה התורה בוכיה
עדי הגיעו לגבורות ואור עיניו חשכו

אי כבודנו ותפארתנו על קברו ישועו בניו
אכן חי גם במיתתך אתה הצדיק העניו
מחמדנו, עולמך קנית בחייך
לחיי נצח בשמים ילווך מעשיך
ת'נ'צ'ב'ה'

## רבנים, דיינים, מגידים.

### הג' ר' משה.

נאָך ר' ישראל ב"ר יהודא ליב (ר' ישראל לייבל) איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין נאַוואַרעדאָק הג' ר' מ ש ה, וועלכער איז שפּעטער געווען רב אין אָרלע. פון איהם איז דאַ אַ הסכמה אויף דעם ספר „יצירה" מיט'ן פּירוש פון ווילנער גאון און הסכמות אויף אַנדערע ספרים*).

### הג' ר' דוד.

דער וויכטיגסטער פון די רבנים פון דער פּעריאָדע איז געווען ר' ד ו ד ב"ר מ ש ה, („ר' דוד'ל"), וועלכער איז געווען דער גרעסטער רב פון רוס־לאַנד אין זיין צייט. ער איז דער מחבר פון דעם ספר „גליא מסכת", וועלכער אַנטהאַלט שאלות ותשובות, דרושים און הספּדים, געדרוקט אין ווילנע אין 1844. זיין ספר איז געשריבען אין אַ גוטען סטיל און פון דעם אינהאַלט פון פילע שטעלען קען מען זעהן, דאָס ר' דוד איז געווען באַלעזען אין וויסענשאַפט־ליכע העברעאישע ווערק. אין זיינע תשובות לייכט דורך אַ שכל הישר ווי אויך אַ ליבעראַלער גייסט. אין שאלות וועגען ערנסטע זאַכען אין לעבען, ווי עגונה'שאַפט און גטין, באַמיהט ער זיך אויסצוטייטשען דעם דין מענשליך, אַזוי אַז עס זאָלען אויסגעמיטען ווערען שטערונגען אין לעבען. זיין ליבע מענש־ליכע האַרץ קען מען איבערהויפּט זעהן אין זיינע דרשות.

ר' דוד איז געווען רב אין נאַוואַרעדאָק 43 יאָהר (פון 1794 ביז 1837). ער איז געשטאָרבען אין יאָהר תקצ"ז. דער נוסח פון זיין מצבה איז:

ד'לפה עינינו מתוגה
ו'י זעקנו ונשאגה
ד'וה לבנו ונתמוגגה
ב'אנו בשפל המדרגה

---

*) לקורות עיר נאַוואַהרדאָק ורבניה, י.

ה׳ דרתנו אבדנו בשגגה
ר׳וממותנו אחור נסוגה
ב׳ושנו בעצבון ודאגת
מ׳ותמם מנעוריו בהפלגה
ו׳מתקי חדושיו בהדרגת
ש׳מענו בנפש ערגה
ה׳לכת בשושנים סוגה
ה״ה אדו״ר הרב הגאון המפורסם בכל קצוי ארץ
סיני וע״ה פאר הדור מ׳ דוד בה״ר משת
שפט א ישראל מ״ג שנה ונפטר יום ו׳
עש״ק כ״ג כסלו תקצ״ז

אין ר׳ דוד׳ס צייט איז געווען אין נאוואַרעדאָק אַלס ראש אב בית דין און מ״ץ ר׳ **נתן נטע**. אין דעם ספר „גליא מסכת" איז דאָ אויף איהם אַ הספד, אין וועלכען ר׳ דוד באַוויינט איהם זעהר ריהרענד און רעכענט אויס ניט נאָר זיינע גייסטיגע מעלות, נאָר אויך זיין פיזישע שענקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך אויסגעצייכענט. פאָלגענדער אויסצוג פון דעם הספד זאָגט אונז ווער ר׳ נתן נטע איז געווען:

הספד שאמרתי על פטירת הרב הגדול מהור״ר נטע שהיה עמי פה בצוותא חדא למ״ץ וראב״ד והיה זקן בן שמונים שנה ומנערותו ועד זקנותו לא מש מתוך אהלה של תורה, תורתו אומנתו ולא פסק פומית מגרסיה, שהיה מתמיד גדול ומלא דעת ותבונה והיה בעל זיו תואר וקומה ועד מותו לא כהתה עינו שהיה רואה בלא בתי עינים ואף בזמן שהיה בגבורות שמונים שנה היה בגבורתו בכל איבריו בשלמות בריאותו ולא נשתנה עליו אחד מאיבריו. ונפטר ביום ראשון בשעה שלישית אחר חצי היום ונתעכבה לוית קבורתו למחרתו. ואי אפשר להעלות על הכתב והמכתב מדמעות רבות בבכי ויללה שנעשה בכל הומיות קריה דפה, נער וזקן שם, טף ונשים כולם כאחד הורידו כנחל דמעה מאין הפוגות ומעפעפינו יזלו מים, וענו ואמרו, אני נא לנו אמרה נאוואַרדאָק כי אבדה כלי חמדתה, ויהי קיר צעקה ויללה בזעקת חשבון ויליל ישימון, אוי נא לנו כי נפלה תפארת ראשנו, פנה זיונו והדרנו, כי זיוו והדרו היה נחמד לכל רואה וחוט של חסד משוך עליו ביום על שהיה עוסק בתורה בלילה.

ר׳ נטע׳ס קבר איז לעבען ר׳דוד׳ס אונטער איין מייערל. אויף זיין מצבה איז פאָלגענדע איינפאַכע אויפשריפט:

הרב הג׳ י׳א׳ב׳ *)
מו׳ נתן נטע ב״ר צבי ז״ל
ד״ק דפה
נפ׳ יום א׳ ט׳ שבט
שנ תק״צ ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳

אין ר׳ דוד׳ס צייט איז אויך געווען אין נאַוואָרעדאָק דער באַריהמטער דרשן ר׳ **חנוך זונדעל** פון ניי־זאַגער, וועלכער איז פריהער געווען מגיד אין זאַגער און איז דערנאָך אויפגענומען געוואָרען אַלס מגיד אין נאַוואָרעדאָק. ער איז דער מחבר פון די ספרים „כנף רננים“ און „מוטות כנפים“ אויף דרוש, אויך פון אַ ספר אויף שמות נרדפים (העברעאישע סינאָנימען). געשטאָרבען אין בריסק כ״ז שבט תר״ז**).

## ר׳ אַלכסנדר זיסקינד.

ר׳ דוד׳ס נאַכפאָלגער אויף דעם כסא הרבנות פון נאַוואָרעדאָק איז געווען ר׳ א ל כ ס נ ד ר ז י ס ק י נ ד (גערופען מיט דעם ליבלינג־נאָמען: ר׳ ז י ס ע ל ע). ער איז געווען דער זוהן פון ר׳ גרשון און דער ברודער פון ר׳ משה הארקאווי. די מעהרסטע יאָהרען פון זיין לעבען איז ער געווען אַ סוחר און האָט גאָר ניט געהאַט בדעה צו מאַכען רבנות פאַר זיין קאַריערע. נאָר ווען זיינע געשעפטען זיינען אַרונטער האָט ער אויף דעם פאַרלאַנג פון דער קהילה אָנגענומען די רבנות. ווען מען ווייס ווי הויך די נאַוואָרעדאָקער, איבערהויפט פון יענער צייט, האָבען געשעצט זייער רבנות, קען מען זיך פאָרשטעלען ווי גרויס איינער האָט געמוזט זיין אין תורה, צו ווערען פון אַ סוחר אַ רב.

פון דעם לעבען פון הרב אַלכסנדר זיסקינד איז אונז באַוואוסט מעהר ווי פון דעם לעבען פון די פריהערדיגע נאַוואָרעדאָקער רבנים, ווייל עס זיינען דאָ ברייטערע נאָטיצען וועגען איהם אין ליטעראַטור. איין ווערק, אין וועלכען עס ווערט פון איהם גערעדט באריכות, איז דער ספר „שמע יעקב“ (קעניגסבערג 1860) פון ר׳ יעקב ב״ר צבי הירש, וועלכער איז געווען דיין אין נאַוואָרעדאָק צו זיין צייט. אין דעם מחבר׳ס הספד אויף איהם ווערט געגעבען זיין ביאָגראַפיע. מיר וועלען דאָ געבען דערפון אַ פּאָר אויסצוגען. רעדענדיג וועגען איהם אַלס נדבן און טוער לטובת הכלל, זאָגט דער מחבר:

---

*) ירא אלהים באמת.

**) לקורות עיר נאַוואַהרדאָק ורבניה, יא.

„בעת אשר היה במעלה עליונה והיה נמנה בין נגידי עדתנו הי' ביתו וכיסו פתוח. אך גם אחרי אשר נפל ממדרגתו והגיע לחיי צער לחיות את עצמו מקופת הקהל כחוק הרבנים עכ"ז הי' ידו פתוחה תמיד לכל הפושט יד כידוע פ"ק ממנהגו בכל ע"ש וחנוכה ופורים וימי הרגל וגם רגליו לא לנחושתים הוגשו בכל עת הצורך לילך עבור אדם או לקבץ עבורו נדבות כאשר קרה הענין וצורך גדול אם לשאר צרכי אדם בכל ענינים הנצרך לקדם עבורם פני שרים ושופטים כידוע ובפרט בעניני המלמדים וחוקותיהם עם הקאָמיסיע כידוע אשר הוא הי' בקאָמיסיע הלז ותמיד הטריחוהו מלמדי פ"ק ועיירות הסמוכים ללכת אל דפרעפעקט על אודותב וכו'."

ווייטער ווייזט דער מחבר אָן אויף זיינע מעלות און מדות און אויף דעם רעספּעקט, וועלכען די קהילה האָט פאַר איהם געהאַט. ער זאָגט:

„והנה מורנו וכו' כידוע שהי' תם וישר ומדותיו לטושות ומעלותיו מבהיקות כזוהר לכל רואה בו וגם היה חכם מחוכם להמתיק בפיו דברי מוסר ותוכחה לעת הצורך וגם חכם מחוכם לטכס עצה בכל אשר ישאלו את פיו וגם הי' אימתו מוטלת על בני העיר אף שהי' מילידי פ"ק ובני העיר בעצמם בהרו בו, ודרך העולם לזלזל במי שמורגלים בו מנעוריו, עכ"ז לא היינו בצאן בלי רועה בעינינו מחמת כי חשיבותו מנעוריו ומעת סחורתו היה חשוב בין כל מכיריו ויודעיו וגם כי משפחתו הרמה פה חשובה ולהם ישאו פנים ג"כ".

אַ צווייטע קוועל פאַר די ביאָגראַפיע פון אלכסנדר זיסקינד איז דער אַר־טיקעל „אָטריווקי וואָספּאָמינאַני" (שטיקלאך זכרונות, רוסיש) פון דעם יוריסט וולאַדימיר האַרקאַווי אין דעם יאָהרבוך „פּערעזשיטאָיע," 4טען יאָהרגאַנג. דאָר־טען ווערט געגעבען אַן אינטימע שילדערונג פון זיין כאַראַקטער. אָט ווי דער שרייבער שילדערט איהם:

„דער רב האַרקאַווי, פון ניט גרויסען וואוקס, מיט אַ קליינינקער גראָער בערדעלע, האָט געפיהרט אַן אָפּגעזונדערטען לעבען. אַלע, וועלכע האָבען זיך געווענדט צו איהם, האָט ער אויפגענומען זיצענדיג און שווייגענדיג. ער האָט קיינמאָל ניט גערעדט הויך, און זיינע פּסקים און עצות האָט ער געפּאַסט קורץ. ער האָט זיך אימער באַמיהט צו מאַכען שלום צווישען די בעלי־דינים און צו אַנטשיידען רעליגיעזע שטרייטיגקייטען און ספקות אין אַ מעהר מענשענפריינד־ליכען זין. ער איז געווען באַריהמט אַלס אַ שונא בצע. ער האָט געוואוינט אין זיין קליינער הייזעלע. ער האָט געהאַט פילע ספרים און ער איז אימער געזעסען ביי אַ ספר, ביי אַ גמרא. איך געדענק, דאָס מיט אונז קינדער, האָט ער וועניג

גערעדט, ער האָט ניט ליב געהאַט קיין טומעל און קינדערשע שטיפעריי. נאָר אין גרויסע ימים־טובים האָט ער ליב געהאַט אונז צו געבען כיבוד און צו שמועסן מיט אונז. ער פלעגט אונז שטענדיג שטעלען אַ פראַגע אָדער אַן אויפ־גאַבע, פאָדערנדיג מיר זאָלען זי שנעל באַטראַכטען און ענטפערן, און ווען מען פלעגט געבען אַ געלונגענעם ענטפער, פלעגט ער אַ גלעט טאָן איבער'ן קאָפּ און געבען עטליכע ניס. ביי איהם אין הויז איז געווען ציכטיג און שטיל. אַלע אין הויז פלעגען געהן אויף די שפּיץ־פינגער און האָבען מורא געהאַט צו מאַכען אַ גערויש".

ר' אלכסנדר זיסקינד איז געווען פאַררעכענט פאַר איינעם פון די גרויסע רבנים פון זיין צייט און רבנים פלעגען זיך אָפּט צו איהם ווענדען מיט שאלות און זוכען זיינע הסכמות אויף זייערע חבורים. פון איהם זיינען דאָ הסכמות אויף פאָלגענדע ספרים: „עמק הלכה" פון הר' זאב וואָלף אבד"ק זיטל (ווילנע 1845); „גבורות ארי" פון ר' גרשון אמשטרדם (ווילנא 1862; אין דעם ספר געפינט זיך אויך אַ תשובה אויף זיינע אַ דערקלערונג); „שמע יעקב" (וועלכער איז שוין דערמאָהנט געוואָרען) און נאָך אַנדערע. אין דעם ספר „זרע יצחק" פון ר' יואל יצחק קאַצענעלענבויגען (ווארשא 1898) זיינען דאָ צו איהם צוויי תשובות וועגען קידוש החדש (זז. 28, 33).

אויף דעם כסא הרבנות איז ר' אלכסנדר זיסקינד־געווען די לעצטע 14 יאָהר פון זיין לעבען. ער איז געבאָרען געוואָרען אין תקמ"ה (1785) און איז גע־שטאָרבען אין עלטער פון 65 יאָהר.

זיין קבר איז לעבען ר' דוד'ס אונטער איין מייערל, צו רעכטס (צו לינקס פון ר' דוד'ן איז דער קבר פון ר' נתן נטע דיין). די אויפשריפט פון זיין מצבה איז:

אל' מי הבת נאַווהרדאָק אדמה שברך
כס'א כבודך הורד לעפר הושלך לארץ נזרך
נד'ד הלך ממך בחיר עמך גלמודה נשארת
ר'ועך הנאמן פה על ההר הזה קברת
זי'ו כבודו ארבע עשרה שנה אצל עליך
סק'ל כל אבן נגף ממך, הרבה כבודך
י' נקת מחכמתו הרוית נפשך מתורת מורך
ד'ן דינך את הדרך אשר תלך בה הורך
ה"ה הרב הגאון סו"ע תפארת עדת ישורון

מוהר"ר אלכסנדר זיסקינד בן הרב מו"ה גרשון
ז"ל נאסף אל עמיו יום ש"ק כ"ח סיון תר"י לפ"ק.

דער אויבען דערמאָהנטער ר' יעקב, דער מחבר פון „שמע יעקב", איז צו ר' זיסקינד'ס צייט געווען אין נאוואַרעדאָק מגיד און דיין. ווי עס איז צו זעהן פון ר' זיסקינד'ס הסכמה אויף דעם דאָזיגען ספר, איז ר' יעקב געווען אַ געביר־טיגער פון נאוואַרעדאָק, ווייל עס ווערט דאָרטען געזאָגט „והנה רב רחימאי הנ"ל מגזע יחוס דפ"ק."

## ר' יצחק אלחנן.

נאָך ר' אלכסנדר זיסקינד איז אַ בּגענומען געוואָרען אַלס רב אין נאוואַרע־דאָק דער באַריהמטער ר' י צ ח ק א ל ח נ ן (פאַמיליע־נאָמען : ספעקטאָר), וועלכער איז פריהער געווען רב אין זאַבעלין, ברעזע און ניעסוויזש, און שפּע־טער אין קאָוונע, וואו ער איז געשטאָרבען כ"א אדר תרנ"ו (1896) אין עלטער פון 79 יאָהר. וועגען איהם איז ניט-נעטיג זיך צו פאַרברייטען, ווייל פון איהם איז פיל געשריבען געוואָרען. זיין ביאָגראַפיע קען מען לעזען אין דעם ספר „תולדות יצחק" פון הר' ר' יעקב ליפשיץ פון קאָוונע (וואַרשא תרנ"ז) און אין דער Jewish Encyclopedia אין דעם אַרטיקעל Spektor, Isaac Elhanan (באַנד 11, זז. 503-504). ער איז געקומען אין נאוואַרעדאָק אין מאַי 1851 און איז דאָרט פאַרבליבען ביז מאַי 1864, ווען ער איז אויפגענומען געוואָרען אין קאָוונע. ער איז געבאָרען געוואָרען אין ראָש, האָראָדנער גובערניע.

## ר' ברוך מרדכי ליפשיץ.

נאָך ר' יצחק אלחנן האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות אין נאוואַרעדאָק הג' ר' ב ר ו ך מ ר ד כ י ל י פ ש י ץ, וועלכער איז פריהער געווען רב אין סעמיאַטיץ און וואָלקאָוויסק, און שפּעטער אין שעדליץ, וואו ער איז געשטאָר־בען אין עלטער פון 76 יאָהר יום א' דפסח תרמ"ה (1885). ער האָט פאַרלאָזען נאוואַרעדאָק אין יאָהר תרל"ד (1874). אָננעהמענדיג, אַז ער איז געקומען אין נאוואַרעדאָק באַלד נאָך דעם, ווי ר' יצחק אלחנן איז פון דאָרטען אוועק, איז ער דאָרטען געווען 14 יאָהר. ער איז דער מחבר פון די ספרים „ברית יעקב" (שו"ת), „בית מרדכי" (דרושים) און אַנדערע.

אין זיין צייט איז געווען אין נאוואַרעדאָק ר' **אברהם דער דיין**, וועלכער איז געשטאָרבען אין יאָהר תרם (1880) *).

*) לקורות עיר נאוואהרדאָק ורבניה, יב.

### ר׳ יחיאל מיכל עפּשטיין.

דער נאָכפאָלגער פון ר׳ ברוך מרדכי ליפשיץ איז געווען הג׳ ר׳ י ח י א ל מ י כ ל ה ל ו י ע פּ ש ט י י ן, וועלכער איז פריהער געווען רב אין נאָוואָ־זיבקאָוו (טשערניגאָווער גובערניע).

ר׳ יחיאל מיכל איז געווען איינער פון די גרעסטע רבנים אין ליטע. ער איז געווען פון דעם סאָרט רבנים, וואָס האָבען געזוכט צו מאַכען שלום מיט דער נייער צייט. ער האָט געקענט די רוסישע שפּראַך, איז געווען אַ פריינד פון השכלה און טאָלעראַנט פאַר בילדונג. ער האָט געשריבען מעהרערע ספרים, פון וועלכע פאָלגענדע זיינען געוואָרען געדרוקט: „אור לישרים“ אויף׳ן „ספר הישר“ לרבנו תם; „ליל שמורים“ אויף די הגדה של פּסח; און „ערוך השלחן“ אויף די פיר חלקים פון שלחן ערוך. דער לעצטער ווערט אין דער רבנישער וועלט באַטראַכט פאַר אַ זעהר וויכטיגען ספר. די נאָוואַרעדאָקער קהילה דערצעהלט זיינע שבחים באריכות אויף זיין מצבה־אויפשריפט, וועלכע איז צו לאַנג דאָ איבערצוגעבען אין גאַנצען. זי הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „רוח אפינו, פאר עדתנו, פּה הצב לו קבר“ און אַנטהאַלט ווייטער פאָלגענדע פראַזעס: „יחיד בדורו, לנוגה ברק אורו, רבים הלכו“, „לתופשי התורה היה קרן של אורה“, „כמעין המתגבר, כן תקן וחבר“, „ליתומים נשארנו, את כל חסרנו, כי נגנז ספר התורה“. ער איז געווען אין נאַוואַרעדאָק 34 יאָהר און איז דאָר־טען געשטאָרבען יום ד׳ כ״ב אדר שני תרס״ח (1908).

מיט ר׳ יחיאל מיכל עפּשטיין איז געשלאָסען די רבנות פון נאַוואַרעדאָק פון 19טען יאָהרהונדערט.

---

## לומדים און לעהרער פון תורה.

אין 19טען יאָהרהונדערט איז תורה אין נאַוואַרעדאָק געווען אין איהר גלאַנץ. „תורה איז די בעסטע סחורה,“ האָבען די מאַמעס אין נאַוואַרעדאָק געזונגען ביי די וויגעלאַך פון זייערע אינגעלאַך, און עס זיינען דאָ געווען אַלערליי קראָמען, וואו מען האָט די „סחורה“ געקענט איינהאַנדלען. פון געוועהנ־ליכע תלמוד־תורה׳ס און חדרים איז אָפּגערעדט; נאַוואַרעדאָק האָט אויך געהאַט ישיבות, וואו עס האָבען געלערנט פילע בחורים, אָרטיגע און פון אַנדערע שטעט, וועלכע זיינען אויסגעהאַלטען געוואָרען דורך „עסען טעג.“ פילע פון די בעלי־בתים זיינען געווען לומדים, און די, וועלכע האָבען אין דער יוגענט

ניט געהאַט קיין געלעגענהייט צו לערנען פיל, ווי בעלי מלאכות, האָבען זיך באַמיהט צו לערנען אין די עלטערע יאָהרען. עס זיינען געווען צווישען די לעצטערע אַזעלכע, וואָס האָבען דורך זייער חשק צום לערנען דערגרייכט די מדרגה פון לומדים. די גאַנצע שטאָט איז געווען איין כאָר פון תורה: ראָשי ישיבות האָבען יעדען טאָג געזאָגט שעורים, מלמדים האָבען געלערנט מיט קינדער מקרא משנא און גמרא, לערנער זיינען געזעסען אין די בתי מדרשים און קלויזען על התורה יומם ולילה, און בעלי בתים, וועלכע האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט מאַטעריעלען מסחר, האָבען אָפּגעגעבען פילע שעה'ן אין טאָג פאַר דעם מסחר פון תורה.

פון די נאַוואַרעדאָקער לומדים און פאַרברייטער פון תורה אין דעם דאָזיגען יאָהרהונדערט זיינען ווערט צו דערמאָהנען פאָלגענדע:

הג'ר' משה מרדכי, א גדול בתורה, וועלכער איז געשטאָרבען אין יאָהר תר"ז (1847). ער ווערט דערמאָהנט אין דעם ספר „קהלת יעקב" פון ר' יעקב, דעם רב פון קארלין*).

הר' אפרים מרדכי עפּשטיין, פאַרפאַסער פון די ספרים „מירא דכיא" אויף פּרקי אבות און „מחנה אפרים" אויף מהרש"א. פון איהם איז געדרוקט געוואָרען א שאלה־ותשובה אין דער צייטשריפט „הפלס," שנה ב**).

ר' גרשון האַרקאַווי, א ברודער פון דעם באַוואוסטען דר. אברהם אליהו האַרקאַווי. פאַר א לאַנגע צייט ביז ענדע 80־ער יאָהרען איז ער געווען א ראש ישיבה. ער האָט זיינע שעורים געגעבען אין בית המדרש. בערך 1890 איז ער אַוועק אין ארץ ישראל, וואו ער האָט שפּעטער פאַרנומען דעם אָרט פון זיין פאָטער ר' יעקב (געשט. י"א אלול תרנ"ד) אַלס ראש ישיבה אין „ישיבת עץ חיים" אין ירושלים.

ר' זעליג (פולער נאָמען: עזריאל זעליג), וועלכער איז געווען ראש ישיבה פופציג יאָהר. ער איז געווען מערקווירדיג מיט זיין ערנסטקייט און שטרענגקייט צו זיינע תלמידים. די שטאָט האָט איהם זעהר הויך געשעצט פאַר זיין עהרליכקייט און טיפע איבערגעגעבענקייט צו זיין זאַך. ער האָט אויף זיך אויך גענומען די עובדא אויפצופאַסען אויף די פרומקייט פון שטאָט און אַלע פרייטאָג פאַרנאַכט האָט מען איהם געזעהן טרייבען אידען פון די קראָמען זיך

*) לקורת עיר נאַוואַהרדאָק ורבניה, יב.

**) דיטא, יד.

צו מאַכען גרייט פאַר׳ן שבת. ער איז געשטאָרבען אין א הויכער עלטער ערב שבועות תר״ס (1900). אויף דער מצבה, וועלכע נאַוואַרעדאָקער קהילה האָט איהם געשטעלט, איז געצייכענט א גאַנג ספרים מיט אויפשריפטען אויף די רוקענס: תנ״כ (תורה נביאים כתובים), זרע׳ (זרעים), מוע׳ (מועד), נשי׳ (נשים), נזיקי׳ (נזיקין), קדש׳ (קדשים), טהר׳ (טהרות), צו ווייזען, אַז ער איז געווען א פאַרברייטער פון תורה. דער נוסח אויף זיין מצבה איז:

זקן שקנה חכמה פה משכב הציע
בחמישים שנה חובת אל הודיע
לתלמידיו הרבנים שהקים בחיים
עתה אל על נפשו נקראה
ממתיבתא תתאה למתיבתא עילאת
וביום שנתן בו תורה עלה שמים
מו׳ עזריאל זעליג ב״ר יעקב ז״ל
נפטר יום ש״ק ערב שבועות
שנת תרס לפ״ק ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳.

**ר׳ איסר „דער מתמיד“** (פאַמיליע־נאָמען: האָראָוויץ). געווען איינער פון די שענסטע טיפען פון שטאָט. ער האָט פאַרבראַכט זיין צייט אין לערנען תורה פאַר זיך און אין לערנען מיט אַנדערע. ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין טאָלעראַנץ מיט דעם נייעם דור. דער מקור פון זיין פרנסה איז געווען אַ קליינע שפּייז־קרעמעל, וועלכע זיין פרוי האָט געפיהרט, און לעקציאָנען, וועלכע ער האָט געגעבען אין גמרא. ער איז געווען דער גמרא־לעהרער פון די דערוואַקסענע קינדער פון די רייכערע און אויפגעקלערטערע בעלי בתים, וועלכע האָבען איהם רעספּעקטירט פאַר זיין מילדע נאַטור, ווי פאַר זיין לומדות. ר׳ איסר האָט געהערט צו דער קלויז פון ר׳ משה האַרקאַווי, ביי וועמען ער איז געווען אַ ליבלינג. דער נאָמען „מתמיד“ רעדט פאַר זיך אַליין: ער האָט איהם געקראָגען פאַר זיין גרויסע התמדה אין לערנען. כאָטש ער איז געווען זעהר אַ פרומער איז ער ניט געווען קיין פאַנאַטיקער און איז געווען טאָלעראַנט צו די שטרעבונגען פאַר דעם נייעם דור, ביי וועמען ער איז געווען ניט ווייניגער באַליבט ווי ביי דעם אַלטען.

ר׳ איסר „דער מתמיד“ איז אין 1880 אַוועק פון נאַוואַרעדאָק נאָך רוזשענוי, האָראָדנער גובערניע, וואו ער איז פאַרבליבען ביז 1903. פון דאָרטען איז ער אַוועק צו זיינער אַ טאָכטער אין סלאָנים, וואו ער איז געשטאָרבען אין עלטער פון 88 אין שמיני עצרת פון זעלביגען יאָהר.

ר׳ הענדיל דער מלמד (פאַמיליע־נאָמען: אבעליעווסקי). ער איז געווען א מלמד פון תנ״ך און האָט זיך אויסגעצייכענט פון די מלמדים פון שטאָט מיט זיין נייגונג צו השכלה. אין דער צייט ווען די אַנדערע האָבען געלערנט מיט קינדער אויף דעם אַלטען שטייגער, נאָך רש״י און נאָך דער עברי־טייטש איבערזעצונג, האָט ער מיט זיינע תלמידים געלערנט תורה און נביאים נאָך מענדעלסאָן׳ס דייטשער איבערזעצונג און דעם „באור״. ער איז אויך געווען אַן אויסנאַהם אין איידעלקייט און עהרליכקייט. פאַר זיין טאָלעראַנץ צו די שטרעבונגען פון דער נייער צייט איז ער געווען זעהר באַליבט ביי דער יוגענט פון נאַוואַרעדאָק, וועלכע האָט איהם צוגעצויגען צו קולטור־ארבעט. די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען האָט ער געהאָט אַן אַמט אין דער חברה „שוקדי מלאכה״.

ר׳ הענדיל איז געשטאָרען ט״ו טבת תרע״ז (1917) אין עלטער פון איבער זיבעציג יאָהר.

---

# אויפגעקלערטע בעלי - בתים, משכילים און געלעהרטע.

נאַוואַרעדאָק האָט זיך אויסגעצייכענט ניט נאָר אַלס מקום תורה, נאָר אויך אַלס אָרט פון אויפקלערונג און השכלה. אָנפאַנגענדיג מיט דער צייט פון איהר אויפגעקלערטען רב ר׳ ישראל לייבל, פון ענדע 18טען יאָהרהונדערט, באַווייזט זיך אין שטאָט ז׳ער גייסט פאַר השכלה און וועלטליכע בילדונג. אין נאַוואַרעדאָק איז זינט דאַן פיל געלערנט געוואָרען העברעאיש און מאָדערנע שפּראַכען, באַזונדערס דייטש. און ניט נאָר די פרייערע, נאָר אויך אָרטאָדאָקסען האָבען זיך גענומען צו מאָדערנע למודים. אַלס ביישפּיל פון די לעצטערע קען דינען ר׳ סעדיה דער מוהל, וועלכער האָט גוט געקענט די רוסישע שפּראַך. אייניגע פון נאַוואַרעדאָקער קינדער זיינען געווען משכילים און געלעהרטע, וועלכע האָבען געהאַט אַ שם ווייט איבער די גרענעצען פון דער שטאָט.

פון די נאַוואַרעדאָקער פון 19טען יאָהרהונדערט, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער אינטעליגענץ און געלערנטקייט, וועלען מיר דערמאָהנען פאָלגענדע:

ר׳ יוסף בצלאל הארקאַווי (דער זוהן פון דעם אויבען דערמאָהנטען ר׳ אליהו), א סוחר, למדן, משכיל און כלל־טוער. ער איז געווען אַן איידעם פון הג׳ ר׳ שמואל שטראַשון פון ווילנע, וואו ער האָט זיך באַזעצט.

פאַר אַ צייט איז ער געווען דער פיהרער פון דער באַריהמטער ראָם'ס דרוקעריי. געשטאָרבען ד' שבט תרל"ד (1873) אין עלטער פון 60 יאָהר.

**וולאַדימיר (וואָלף) האַרקאַווי**, דער זוהן פון ר' יוסף בצלאל, למדן און משכיל. האָט געקראָגען אוניווערזיטעט־בילדונג און איז געווען אַ פּראָמינענטער יוריסט אין מאָסקווע, וואו ער איז געווען איינער פון די גרויסע אידישע כלל־טוער. געשטאָרבען 6טען סעפּט. 1911. ער האָט געשריבען זכרונות פון זיין געבורטשטאָט און זיינע סטודענטישע יאָהרען, וועלכע זיינען געדרוקט אין דעם רוסיש־אידישען יאָהרבוך „פּערעזשיטאָיע" (4טען טאָם, זז. 270-278).

**דבורה ראָם**, די טאָכטער פון ר' יוסף בצלאל און שוועסטער פון וולאַדימיר האַרקאַווי. האָט געהייראַט מיט דוד ראָם, דעם זוהן פון דעם באַריהמטען מדפיס ר' יוסף ראובן ראָם פון ווילנע. ווען איהר מאַן איז געשטאָרבען איז זי געוואָרען די הויפּט־פיהרערין פון דעם געשעפט און די פירמע האָט אָנגענומען דעם נאָמען: „ה א ל מ נ ה והאחים ראָם." זי איז געווען אַ מאָדערן געבילדעטע פרוי און אַ גרויסע חכמנית. געשטאָרבען אין 1904 אין עלטער פון איבער זיבעציג יאָהר.

**דר. אברהם אליהו האַרקאַווי**, געבאָרען אין נאַוואַרעדאָק אין 1839 און געשטאָרבען אין פּעטערבורג אין 1919. ביז אַ דערוואַקסענער עלטער איז ער פאַרבליבען אין נאַוואַרעדאָק, וואו ער איז דערצויגען געוואָרען אויף תורה. צוגעצויגען פון דעם נייעם גייסט פון השכלה און בילדונג, איז ער אריין אין ווילנער ראַבינער־שול, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט אין אַ קורצע צייט, איבערשפּרינגענדיג קלאַסען, און איז פון דאָרטען אַריבער אין אַ פּעטערבורגער אוניווערזיטעט. זיין נאָמען איז צופיל באַקאַנט זיך וועגען איהם דאָ צו פאַרברייטען. זיין ביאָגראַפיע באַריכות קען דער לעזער געפינען אין דעם ספר „דור וחכמיו" פון משה ריינעס (קראַקאָוו 1890) און אין דער Jewish Encyclopedia (באַנד 6, זז. 235-236).

**גרשון האַרקאַווי** (זוהן פון ר' משה האַרקאַווי), פּריוואַט־געלעהרטער, וועלכער האָט פאַראייניגט לומדות מיט מאָדערנע בילדונג. געווען באַהאַוועגט אין חכמת ישראל, האָט געקענט אייניגע אייראָפּעאישע שפּראַכען (רוסיש, דייטש, פראַנצעזיש) און האָט אויך געהאַט אַ ידיעה אין אָריענטאַלישע שפּראַכען (באַזונדערס אַראַביש און סיריש). ער האָט געהאַט אַ זעלטענע ביבליאָטעק, וועלכע איז געווען אָפען פאַר יעדען, וואָס האָט געדאָרשט נאָך קענ־

מעניש. אַלע פּאַרטגעשריטענע יונגע לייט פון שטאָט, וואָס האָבען געשטרעבט צו בילדונג, האָבען זיך געגרופּירט אַרום זיין הויז. ר׳ גרשון איז געשטאָרבען כ״ז ניסן תרל״ה (1875) אין עלטער פון 52 יאָהר. אין „המגיד״ פון דעם זעלביגען יאָהר (1875, נומ. 20) איז געווען געדרוקט אַ הספד אויף איהם פון דעם נאוואַרדאָקער קאַזיאָנעם רב, חיים יעלין.

**יעקב האַרקאַווי** (זוהן פון ר׳ גרשון), אַ געבילדעטער מענש און כלל־טוער. האָט זיך פיל אָפּגעגעבען לטובת דער חברה „שוקדי מלאכה״. זיין אידעאַל איז געווען די דערציהונג פון דער אידישער יוגענט אין דעם אַלטען אידישען גייסט און ער האָט איבער דיזע פּראָבלעמע פאַרפאַסט אַ בראָשורע אין רוסיש מיט׳ן טיטעל: „ניעסקאָלקאָ סלאָוו פּאָ פּאָוואָדו נאַשעוואָ וואָספּי־טאַניאַ אי אָבראַזאָוואַניאַ״ (אייניגע ווערטער וועגען אונזער דערציהונג און ביל־דונג, געדרוקט אין ווילנע אין 1900). געשטאָרבען אין ווילנע כ״א אדר תרע״ט (1919) אין עלטער פון 58 יאָהר.

**סעדיה קאַנטאָראָוויץ** („ר׳ סעדיה״), אַ למדן און משכיל פון אָרטאָדאָק־סישען שניט. ער איז געווען אַ מערקווירדיגער טיפּ. זייענדיג אַ שטרענגער אָרטאָדאָקס, איז ער דאָך געווען וועלטליך. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס צו זיין צייט האָבען פרומע אידען געהאַלטען פאַר אפּיקורסות צו לערנען אַ פרעמ־דען לשון, האָט ער געקענט די רוסישע שפּראַך, אין וועלכער ער פלעגט שרייבען „פּראָשעניעס״ פאַר זיינע שטאָטלייט. ער האָט אחוץ אַנדערע השלמות אויך געהאַט פעהיגקייטען צום צייכענען. אויף דער פאָדער־זייט פון דעם פּינקס פון „שוקדי מלאכה״, וואָס געפינט זיך איצט אין נאוואַרדאָק ביי ה׳ אברהם צאַסאָוושציק, איז דאָ פון איהם אַ זעהר שען געצייכענטער „שער״. ער איז געווען אַ מוהל, אָבער דעם פאַך האָט ער פּראַקטיצירט אומזיסט. פאַר זיין פּרנסה איז ער געווען אַ בוכהאַלטער אין אַ געשעפט און האָט עפּעס אויך גע־האָט פון שרייבען פּראָשעניעס (ביטשריפטען) אין רוסיש. די דאַטע פון זיין טויט איז דעם שרייבער פון די שורות אומבאַוואוסט.

**נחמן צבי געצאָוו**, זוהן פון ר׳ אברהם יוסף געצאָוו פון מינסק. אַ גרויס־סער קענער פון דער רבנישער ליטעראַטור און פאָרשער פון דער אידישער געשיכטע אין דער תלמודישער צייט. האָט פאַרפאַסט אייניגע געלעהרטע ווערק, פון וועלכע די וויכטיגסטע זיינען „התנאים והעם״ און „על נהרות בבל״, און האָט בייגעטראָגען צו פאַרשיידענע העברעאישע צייטשריפטען. געשטאָרבען אין נאוואַרדאָק פאַר אַ פּאָר יאָהרען.

**חיים יעלין**, קאַזיאָנער רב פון נאַוואַרעדאָק פון אָנפאַנג 70־ער ביז ענדע 80־ער יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט. איז געווען אַ גרויסער מלומד און אַ קענער פון פרעמדע שפּראַכען (דערונטער אויך ענגליש). אַחוץ זיין אַמט האָט ער זיך אָפּגעגעבען מיט לעהרעריי צווישען די אידען און די פּריצים אַרום נאַוואַרעדאָק, וועלכע ער האָט געגעבען אונטערריכט אין דייטש און פראַנ־צעזיש. ער איז געווען זעהר אַ באַשיידענער און ליבליכער מענש. די דאַטע פון זיין טויט איז דעם שרייבער פון די צייל[ען] ניט באַוואוסט.

**אַרקע דער מלמד** (פאַמיליע־נאָמען ניט באַוואוסט), אַ לעהרער פון העברעאיש און דייטש. געווען אַ בקי בש"ס ופוסקים וספרי פילוסופיא און באַהאַוועגט אין דער דייטשער ליטעראַטור. מען האָט איהם געהאַלטען פאַר אַן אַפּיקורוס און דער אַלטער דור האָט זיך אָפּגעקעהרט פון איהם; דערפאַר אָבער האָט זיך צוגעקעהרט צו איהם דער יונגער דור, וועמען ער האָט געלע־רענט העברעאיש און דייטש און האָט מיטגעטיילט זיינע בליקען אויף דער וועלט. יונגע לייט, וועלכע זיינען געגאַנגען צו איהם לערנען, האָבען עס אָפט געטאָן בשתיקה פון זייערע פרומע עלטערן. איינער פון זיינע תלמידים איז געווען ה' שבתי ראַבינאָוויץ (זוהן פון ר' אברהם'ל דעם רב'ס), וועלכער גע־פינט זיך אין באָסטאָן. אַרקע איז, זינט דער יונגער דור האָט איהם געדענקט, געווען אַ פּאַראַליזירטער.

**צבי הירש שטיינהויז** („הירשעלע שמעיה'ס"), אַ פּאָפּולערער משכיל, לעהרער פון העברעאיש. מען האָט איהם געהאַלטען פאַר אַן אַפּיקורוס, ווייל ער האָט געלעזען די נייע העברעאישע ליטעראַטור און האָט זיך לוסטיג געמאַכט אויף דעם חשבון פון פאַנאַטיקער און בטלנים. ביי דער יוגענט איז ער געווען אַ העלד און עס זיינען געגאַנגען לעגענדעס פון שפּיצלאַך, וואָס ער זאָל האָבען אָפּגעטאָן אין זיינע ישיבה־יאָהרען. ווען דער שרייבער פון די צייל[ען] איז געווען אין נאַוואַרעדאָק האָט ער איהם געפונען אַ 73־יעהריגען אַלטען מאַן, אָבער נאָך גאַנץ לעבעדיג אין גייסט. ער וואוינט אין אַ דאָרף און ער באַשעפטיגט זיך מיט פעלד־אַרבעט.

עס זיינען געווען נאָך אַנדערע אויסנאַהמיגע פּערזאָנען אין נאַוואַרעדאָק אין 19טען יאָהרהונדערט, ליידער זיינען דעם שרייבער פון די שורות ניט באַ־קאַנט קיין איינצעלהייטען וועגען זיי. חשוב זיינען דאָן געווען: ר' א ב ר ה ם מ ש ה ד ע ר ש ר י י ב ע ר (פאַמיליע־נאָמען: יאָסעליאָוווסקי), אַ למדן און משכיל, וועלכער האָט געקענט רוסיש און געהאַט פעהיגקייטען צום שרייבען;

זיין זוהן חיים יאָסעליאָווסקי, אַ פּריסיאַזשני פּאָווערעני (אַדוואָקאַט); ר׳ חייקעל דער סופר הקהל און זיינע צוויי זיהן: דוד גינזבורג, וועלכער געפינט זיך נאָך אין נאוואַרעדאָק (ער האָט איצט אַ דרוקעריי) און דער אַדוואָקאַט בן־ציון (בערנאַרד) גינזבורג, וועלכער געפינט זיך אין ניו יאָרק.

# קינסטלערשע טאַלאַנטען.

נאוואַרעדאָק קען ניט נאָר שטאָלצירען מיט לומדים און משכילים, נאָר אויך מיט קינסטלער. ניט אַכטענדיג אויף דעם, וואָס זי איז אַ פּאַרוואָרפענע שטאָט אין אַ טרוקענער געגענט איז אויף איהר באָדען אויך געוואַקסען די פּרי, וועלכע מען רופט אָן קונסט. אין 19טען יאָהרהונדערט צייכנען זיך אויס אויף דעם פעלד פאָלגענדע פּערזאָנען:

עוזר פידלער („עוזר׳קע" אָדער: „עוזר דער קלעזמער"). ער איז געווען אַ שפּילער אויף חתונות, אָבער פון אַן אומגעוועהנליכען סאָרט. זיין שפּילען האָט געוויזען אַ באַשטימטען געבאָרענעם טאַלאַנט. עס איז ניט באַוואוסט, אויב ער האָט געקענט נאָטען, אָבער זיין שפּילען האָט גענומען די נשמה. לויט מען דערצעהלט איז ער געווען אויפמערקזאַם אויף זיין טאַלאַנט און האָט זיך צו זיין באַרוף אויסגעבילדעט אין ווילנע. „עוזר׳קע" איז געווען אַ שם־דבר איבער די גרענעצען פון דער שטאָט און ער פלעגט גערופען ווערען צו רייכע חתונות אין דער גאַנצער געגענט אַרום. ער איז געווען באַליבט ביי אַלע קלאַסען: ביי אינטעליגענטען, ווי ביים אונפּאַכען עולם, ביי רייכע ווי ביי אָרעמע. אָהן איהם איז קיין חתונה ניט געפייערט געוואָרען. דער עולם האָט וועגען זיין פידעלע דערצעהלט וואונדער: ווי זי וויינט, ווי זי לאַכט, ווי זי קאָקעטירט! ער איז געשטאָרבען אין 1898 אין עלטער פון 78 יאָהר.

יהודה (זשול) בוטענסקי, האַצקעל דעם סטאָליער׳ס זוהן, באַריהמטער סקולפּטאָר. אַלס קינד האָט ער אַרויסגעוויזען זעלטענע פעהיגקייטען צום שניצען און קנעטען פיגורען. צו 13 יאָהר איז ער אַוועק נאָך פּסקאָוו, וואו ער איז אַריין אין אַ רעאַל־שול. זייענדיג אין 5טען קלאַס האָט ער די רעאַל־שול פאַרלאָזען וועגען דעם פאַרבאָט פאַר אידען צו וואוינען אין פּסקאָוו. צו 17 יאָהר איז ער אַוועק אין וויען צו אַנטוויקלען זיין טאַלאַנט. שפּעטער איז ער געגאַנגען נאָך פּאַריז, וואו דער באַריהמטער אידישער סקולפּטאָר אַנטאָקאָלסקי

האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט איהם. אין פאַריז, און שפּעטער אין באַרצע־לאָנאַ,שפּאַניען, האָט ער באַקומען פּרייזען פאַר זיינע מייסטערווערק. אין 1904 איז ער געקומען אין אַמעריקע. ער האָט זיך באַזעצט אין ניו יאָרק, וואו ער האָט אַ סטודיאָ. ער איז אַ סקולפּטאָר צום מעהרסטען פון אידישע טעמעס. צווישען זיינע ווערק זיינען: „דער וועלטפרידען" (אָדער „ישעיה"), וועלכעס געפינט זיך אין דעם ניו יאָרקער „מעטראָפּאָליטאַן מיוזיאַם אָוו ארט," „דער אייביגער וואַנדערער" (אידישע עמיגראַנטען); „יהודה הלוי," „נאַטהאַן דער ווייזע" און אַנדערע. איינע פון זיינע סקולפּטור־שאַפונגען איז אַ ווערק, וועלכעס שטעלט פאָר ווי „דער גייסט רייסט זיך פון דער מאַטעריע." אַ ביאָ־גראַפיע פון איהם און אַ באַטראַכטונג פון זיינע שאַפונגען איז געדרוקט אין דער היגער „צוקונפט" פון דעם ניטלאַנג פאַרשטאָרבענען דר. ה. זאָלאָטאַראָוו. בוטענסקי איז אַ הייסער אידישער פּאַטריאָט און אָנהענגער פון ציוניזם. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1871.

**נאָטע גראָדזענסקי**, דער זוהן פון ר' אורי, שמואל ראָטקעס' איידעם. אַ פּאָרטרעט־מאַלער, וועלכער האָט אַ סטודיאָ אין בערלין.

---

# זעלטענע טיפּען.

(פון מ. אָברינסקי.)

### 1.

### ר' שעפּסיל דער לעקאַך־מאַכער.

**ווער פון אונזערע נאַוואַרעדאָקער** האָט עס ניט געקענט אָט דעם גוט־מוטי־גען און אימער שמייכלענדען ר' שעפּסיל לעקאַך־מאַכער? ווער פון אונז גע־דיינקט עס ניט די סצענע אַלע פרייטאָג־צו־נאַכט צו קבלת־שבת, ווען ר' שעפּסיל, אַרומגערינגעלט מיט עטליכע צעהנדליג ישיבה בחורים, תלמוד־תורה קינדער און אַזוי אָרעמע בחורים, פלעגט געהן פון בית־המדרש אין שול, און פון קלויז צום קלויז בעטען די בעלי־הבתים צו נעהמען אַ ישיבה־בחור אויף שבת? וואָס פאַר אַ פרייד עס פלעגט זיך פאַרשפּרייטען אויף זיין פּנים ווען עס פלעגט איהם געלינגען אַלעמען צו באַזאָרגען מיט אַ פּלאַץ פאַר שבת! אַריינקומענדיג מיט זיין מחנה אין אַ קלויז האָט ער שוין געוואוסט ווי אויסצוטיילען יעדען זיין אורח. ער האָט געוואוסט וועלכער בעל־הבית עס וויל האָבען אַ חשוב'ען אורח און ווער עס וויל האָבען אַ יונגען תלמוד־תורה אינגעל.

עטליכע צעהנדליג יאָהר נאָכאַנאַנד איז ער געוועזען דער פאַרזאָרגער פון די אָרעמע תלמוד־תורה קינדער און דורכגעהענדע אָרעמע בחורים צו באַשטעלען זיי פלעצער פאַר שבת. זעלטען צו טרעפען היינט אַזאַ פערזאָן. ער האָט באַ־לאַנגט צו יענעם דור, וועלכער האַלט אין פאַרשווינדען.

---

.2

## ר׳ אברהם ידידיה דער שניידער.

געדענקט איהר, נאַוואַרעדאָקער, ווען איהר זייט נאָך געוועזען יונגע קינ־דער און איהר פלעגט ליגען איינגענורעט אונטער די קאָלדרעס אין די לאַנגע ווינטער־נעכט און חלום׳ען אייערע זיסע חלומות, פלעגט איהר זיך פלוצלינג אויפכאַפּען שבת פאַרטאָג פון אַ זיסען געזאַנג וועלכער פלעגט קלינגען אַזוי טרויעריג? געדענקט איהר די ווערטער פון אָט דעם געזאַנג? געוויס! וועל־כער נאַוואַרעדאָקער געדענקט עס ניט די ווערטער פון יענעם וועקער שבת פאַרטאָג, וועלכער פלעגט זינגען: ש־ט־ע־ה־ט א־ו־י־ף, ש־ט־ע־ה־ט א־ו־י־ף צ־ו ע־ב־ו־ד־ת ה־ב־ו־ר־א! דאָס איז געווען ר׳ אברהם ידידיה דער שניידער, וועלכער האָט אויף זיך גענומען פרייוויליג צו וועקען די מיטגלידער פון חברה תהלים אויפצושטעהן שבת פאַרטאָג אום צו געהן זאָגען תהלים און אויך אין דערזעלבער צייט וועקען אַלעמען אויפצושטעהן צו עבודת הבורא. אין די גרעסטע פרעסט, אין די גרעסטע זאַווערוכעס, אפילו ווען עס פלעגט זיין אַ געפאַהר ארויסצוגעהן אין דרויסען, פלעגט ר׳ אברהם ידידיה געהן פון איין עק גאַס ביז דער צווייטער און פלעגט וועקען דעם עולם מיט זיין זיסער שטימע. קיין זאַך האָט איהם ניט אָפּגעהאַלטען, אפילו ווען ער איז געווען קראַנק און ער האָט געדאַרפט ליגען אין בעט, איז ער געגאַנגען וועקען דעם עולם.

און אַזוי איז אונזער ר׳ אברהם ידידיה צעהנדליגער יאָהרען נאָכאַנאַנד אויפגעשטאַנען שבת 3 אַ זייגער פאַרטאָג און האָט געוועקט דעם עולם צו עבודת הבורא.

ר׳ אברהם ידידיה איז אויך געווען אַ גרויסער מכניס אורחים. שבת פלע־גען ביי זיין טיש זיצען 5 אָדער 6 ישיבה־בחורים. אין מיטענוואָך פלעגען ביי איהם עסען 2 תלמוד־תורה בחורים יעדען טאָג.

נאָך זיין טויט איז ניט געווען ווער עס זאָל איבערנעהמען זיין עובדא,

און אַזוי איז ביסלעכווייז פאַרגעסען געוואָרען, אַז אַמאָל, אַמאָל פלעגט איינער א ר' אברהם ידידיה וועקען דעם עולם שבת פאַרטאָג צו עבודת הבורא.

---

.3

## די „קאַלטע חברה.“

די גרויסע שול אין נאַוואַרעדאָק רופט זיך די „קאַלטע“ שול, דערפאַר ווייל מען בעהייצט זי קיינמאָל ניט (לויט אַן אַלטען מנהג). ווינטער־צייט האָט דאָרט קיינער ניט געוואָלט געהן דאַווענען צוליב דער קעלט, און דאַריבער האָט עקסיסטירט א פאַראיין מיט'ן נאָמען „די קאַלטע חברה“, וועלכע האָט אויף זיך גענומען די פליכט אָפּצוהיטען צו דאַווענען אין שול 3 מאָל א טאָג, סיי זומער סיי ווינטער. אין ווינטער־צייט פלעגען זיי דאַווענען אָנגעטאָן אין זייערע פוטערס, אום ניט דערפרוירען צו ווערען. אייניגע מיטגלידער פון דער „קאַלטער חברה,“ ווי צום ביישפּיל ר' שלום דער גערטנער און ר' נחום צערטאָק, האָבען צעהנדליגער יאָהרען נאָכאַנאַנד אָפּגעהיט צו דאַווענען 3 מאָל א טאָג אין שול. יעדען יאָהר פלעגט די פאַרוואַלטונג פון שול מאַכען א סעודה פאַר די מיטגלידער פון דער „קאַלטער חברה.“ די חברה האָט עקסיסטירט ביז דאָ ניט לאַנג.

---

# קוריאָזע פּערזאָנען.

אין נאַוואַרעדאָק זיינען אין די יונגע יאָהרען פון דעם פאַרפאַסער פון דעם בוך געווען א פּאָר ציקאַוונע פּערזאָנען, וועלכע פאַרדינען אַן אָרט אין דעם בוך וועגען דער לוסטיגקייט, וולכע זיי האָבען צוגעגעבען צו דעם לעבען פון אונזער שטאָט. דיזע זיינען געווען:

ביניע דער וואַסערטרעגער, א ברייטער, פעסטגעבויטער מאַן מיט א זעלטענער פיזישער גבורה, וועגען וועלכען די אינגלאַך פון שטאָט האָבען דערצעהלט, דאָס ער האָט געקענט אויפהייבען אַן אָקס. ער איז געווען א מענש פון ווענוג ווערטער און איז פאַר די די שטאָטלייט פאַרגעקומען ווי א מיסטעריעזע פּערזאָן. די פאַנטאַזיע פון די קינדער האָט איהם צוגעשריבען פאַרבינדונגען מיט דער אונטערוועלט — מיט די מתים — און עס איז צווישען זיי געגאַנגען א לעגענדע, דאָס ער פלעגט אָפט נאָך האַלבע נאַכט פון די מתים אויפגערופען

ווערען צו אַן עליה אין דער גרויסער שטאָט־שול. די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען איז ער געווען אין נאָוואָרעדאָקער „מושב זקנים," וואו ער איז געשטאָר־בען אין אַן אומגעוועהנליך הויכער עלטער. ווען דער שרייבער פון די שורות האָט באַזוכט נאָוואָרעדאָק מיט אַ יאָהר צוריק, האָט ער געפונען פאָלגענדע פאַרצייכנונג פון איהם אין דעם רוסישען בוך פון „מושב זקנים": „בעניאַמין מאָוושאָוו וואָלפאָוויטש, 112 יאָהר אַלט. געבאָרען אין דער מיעסטעטשקע נישקאָלט. וואוינט אין נאָוואָרעדאָק 102 יאָהר. איז אין ערגעץ ניט צוגע־שריבען. געווען באַווייבט; זיין פרוי איז געשטאָרבען; קינדער האָט ער ניט. פאַר די 102 יאָהר, וואָס ער האָט געלעבט אין נאָוואָרעדאָק איז ער קיינמאָל ניט אַרויסגעפאָהרען פון שטאָט. כאַראַקטעריסטיש איז, דאָס ער האָט קיינמאָל ניט געזעהן קיין אייזענבאַהן. ביז ער איז אַריין אין באָגאָדיעלניע („מושב זקנים") איז ער געווען אַ וואַסערטרעגער. איז אָנגעקומען אין באָגאָדיעלניע דעם 15טען יאַנואַר 1894 און איז געשטאָרבען 18טען פעוורואַל 1913."

**ישראל דער משוגענער.** אין דער יוגענט געווען אַ סטאָליער, נאָר זייענדיג אַ פוילער האָט ער פון זיך אַראָפּגעוואָרפען דעם יאָך פון אַרבעט. ער איז באמת ניט געווען קיין משוגענער, נאָר כדי צו קענען עקסיסטירען האָט ער זיך נאַריש געמאַכט און געפראַוועט משוגעת. ער האָט עפּעס געהאַט אין זיין נאַטור, וואָס האָט איהם געגעבען אַ געוויסען חן אין די אויגען פון זיינע שטאָטלייט. ער האָט ניט געפיהרט קיין פאַמיליע־לעבען און זיין פרנסה האָט ער געהאַט פון פאַרשיידענע עובדות, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, און פון הנחות, וואָס ער האָט געהאַט פון דער שטאָט. איינע פון זיינע עובדות איז געווען צו ברייגען די מיטה פאַר אַ מת, פאַר וועלכעס ער פלעגט קריגען אַ גילדען און אַמאָל מעהר. ער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ בעל־הבית פון די קויהלען וואָס איז געבליבען פון דער באַהייצונג אין די בתי־מדרשים, וואָס ער פלעגט פאַר־קויפען צו בעלי־בתים פאַר סאַמאָווארען. ער פלעגט נעהמען מעשר פון געבעק אין בעלי־בתישע הייזער: ווען אַ בעל־הבית'טע האָט געבאַקען ברויט, האָט זי ישראל'ן געמוזט באַקען אַ בולקע, פאַר וועלכע ער פלעגט צוזאָגען מאַכען אַ „קאַ־צעלקע" (וועלגערהאָלץ), אָבער ער האָט זעלטען געהאַלטען וואָרט. אויף ימים טובים האָט ער זיך אַליין באַשטעלט טעגווייז ביי פאַרשיידענע בעלי־בתים, וועלכע האָבען איהם קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט. דערפאַר פלעגט ער זיי מהנה זיין מיט זיינע משוגענע תורות, וועלכע זיינען געווען אַמוזאַנט. דאָ זיינען אַ פּאָר ביישפּילען פון זיינע תורות.

אין תהלים שטעהט: "וואויל איז דעם מענשען, וואָס איז ניט געגאַנגען נאָך דער עצה פון די רשעים און איז ניט געשטאַנען אין דעם וועג פון די זינדיגע און איז ניט געזעסען אין דעם אָרט פון די לצים." — "ניט געגאַנגען, ניט געשטאַנען, ניט געזעסען — טאָ וואָס האָט ער געטאָן?" פלעגט ישראל פרעגען, און האָט געענטפערט: „איז ער געהאַנגען!"

אין פרק שטעהט: „דער וואָס נעהמט אויף זיך דעם עול תורה באַפרייט מען איהם פון דעם עול מלכות, און דער וואָס וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם עול תורה לעגט מען אויף איהם אַרויף דעם עול מלכות." ישראל פלעגט עס אביסעל פאַרדרייען: „דער וואָס נעהמט אויף זיך דעם עול תורה איז פריי פון דעם עול מלכות און דער וואָס נעהמט אויף זיך דעם עול מלכות איז פריי פון דעם עול תורה" און פלעגט פרעגען: ווי איז, אז ער וויל ניט נעהמען אויף זיך ניט דעם עול תורה און ניט דעם עול מלכות?" — די צוהערער האָבען געמיינט ווער ווייס וואָס פאַר אַ חריפות'דיגען ענטפער ער וועט דאָ געבען, אָבער ער האָט זיך געגעבען אַ זאָג: „אויב ער וויל ניט נעהמען אויף זיך ניט דעם עול תורה און ניט דעם עול מלכות —שלאָגט ער זיך קאָפּ אָן וואַנט!"

ישראל איז אויך געווען אַ שפּאַסמאַכער מיט טאַט אויף דעם שטייגער פון מאָטקע כאַבאַד. מען דערצעהלט, דאָס איינמאָל, ווען עס איז גאָר קיין מת ניט געווען אין שטאָט, האָט ער געבראַכט די מיטה אין מאַרק און איז געבליבען שטעהן. פאַרבייגעהער האָבען איהם מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט, פאַר וועמען די מיטה איז? — „די מיטה," האָט ישראל געענטפערט, „איז פאַר די שטאָט; איך הער רק ווי מען זאָגט „די שטאָט איז טויט." זאָל זי זיך אריינלעגען וועל איך זי אַוועקטראָגען."

ווי געזאָגט, איז ישראל קיין משוגענער ניט געווען, נאָר ער האָט זיך געמאַכט משוגע. שטענדיג האָט אויף זיין פּנים געשפּילט אַ זיסער שמייכעלע, וועלכער האָט אויסגעדריקט צופרידענהייט. דער שמייכעלע האָט געהאַט אַ זעלטענעם חן און האָט איהם געמאַכט פאַר אַ ליבלינג ביי אַלט און יונג.

---

# אינסטיטוציעס, חברות.

אחוץ די אינסטיטוציעס און חברות, וועלכע אידישע שטעט האָבען געוועהנליך — תלמוד־תורה'ס, ישיבות, חברה ש"ס, חברה קדישא או. אז. וו. — האָט נאַוואַרעדאָק געהאַט צוויי חברות: „שוקדי מלאכה," צו געבען אָרימע קינדער

די מעגליכקייט צו לערנען מלאכות, און „חונן דלים," צו געבען שטיצע אָרימע־לייט.

## חברה „שוקדי מלאכה."

די חברה איז געגרינדעט געוואָרען אין אָנפאַנג 70־ער יאָהרען פון פאַר־גאַנגענעם יאָהרהונדערט. די גרינדער זיינען געווען די אָנגעזעהנסטע לייט פון אַלטען דור. צווישען די נעמען, וועלכע זיינען געצייכענט אין דעם פינקס פון דער חברה, וואָס געפינט זיך איצט ביי איהר געוועזענעם סעקרעטאַר אברהם צאַסאָוושציק, געפינען זיך די אונטערשריפטען פון ר' יוסף קאַבאַק און ר' משה האַרקאַווי. אין דעם דאָזיגען פינקס איז דאָ אַ הקדמה אין העברעאיש פון דעם באַוואוסטען מינסקער קאַזיאָנעם רב, אברהם האַנעלעס, וועלכער איז, ווי עס זעהט אויס, צו דער צייט פון דער גרינדונג פון „שוקדי מלאכה," געווען קאַזיאָנער רב אין נאַוואַרעדאָק. אונטער דער הנהגה פון דעם אַלטען דור זיינען די רעזולטאַטען ניט געווען קיין גרויסע. שפּעטער האָט זיך צו דער חברה גענומען דער נייער און אינגערער עלעמענט און זייער אַרבעט האָט געטראָגען גוטע פרוכט. צווישען די אונטערשריפטען אויף אַ צייגניש פון דער חברה צו איהר סעקרעטאַר ה' שבתי ראַבינאָוויץ אין 1893 געפינען זיך די נעמען: יעקב האַרקאַווי, יוסף מיטראָפּאָליטאַנסקי, יוסף גערשענאָוויץ, יעקב צאַסאָווציק, אברהם צאַסאָווציק, אליעזר זעלצער, משה שימענאָוויץ. אין יאָהר 1900 האָט זיך די חברה רעאָרגאַניזירט אונטער אַן „אוסטאַוו", וועלכער איז באַשטע־טיגט געוואָרען פון מינסקער גובערנאַטאָר. לויט אַ געדרוקטען באַריכט פאַר 1901 האָבען די הכנסות פון יענעם יאָהר באַטראָפען 822.51 רובל, די הוצאות 820.96 רובל. דער פאַקט, אַז עס איז נאָך עפּעס איבערגעבליבען אין דער קאַסע, באַווייזט, אַז די חברה איז געווען אין אַ גוטען מצב. צווישען די מיט־גלידער פון יענער צייט געפינען זיך די נעמען פון דעם באַוואוסטען נאַוואַ־רעדאָקער נדבן אָ. ג. חישין, א. ח. ביילין, צ. ח. מאָסטקאָווי, לייב האַרקאַווי, און י. צאַסאָווציק. פאָרזיצער פון דער חברה איז דאַן געווען יעקב וואַגער ע"ה, און סעקרעטאַר — אברהם צאַסאָווציק. די מלחמה האָט די טעטיגקייט פון דער חברה איבערגעריסען, אָבער ווען הילף האָט אָנגעהויבען קומען פון אַמעריקע האָט זי ווידער אויפגעלעבט און זי איז רעאָרגאַניזירט אויף נייע יסודות.

## חברה „חונן דלים."

ווען די חברה איז געגרינדעט געוואָרען איז דעם שרייבער פון די שורות ניט באַוואוסט, אָבער ער געדענקט זי פון זיין פריהעסטער קינדהייט. איהר קאָפּ איז אין די 70־ער יאָהרען געוועזן ר'גרשון הארקאַווי. זי פלעגט אויסטיילען שטיצע צו אָרימעלייט אין געלט און אין ברויט. ציקאַוונע איז, דאָס די חברה האָט איינגעפיהרט אייגענע דראָבנע געלט, נעמליך גראָשענס געמאַכט פון לענגליך־פירקאַנטיגע שטיקלאַך פּאַפּיר געשטעמפּעלט: "חברה חונן דלים דנאַ־וואהרדאָק." זי האָט עס געהאַט נעטיג איינצופיהרען, ווייל עס האָבען זעהר ווייניג צירקולירט די קופּערנע גראָשענס פון דער רעגירונג. די גראָשענס פון „חונן דלים" זיינען אָנגענומען געוואָרען פון אַלעמען, און ווער עס האָט אָנגע־קליבען פילע אַזעלכע, פלעגט די חברה איהם אויסבייטען אויף מלוכה־געלט. דאָס איז אגב ניט געווען דאָס איינציגע אידישע געלט אין נאַוואַרעדאָק. עס זיינען אויך געווען „פּרוטות" — פירקאַנטיגע בלעכעלאַך איינגעפּרעגט מיט די ווערטער „צדקה לעניים." דריי אַזעלכע בלעכעלאַך האָבען זיך גערעכענט פאַר א גראָשען. זיי זיינען איינגעפיהרט געוואָרען פאַר די באַקוועמליכקייט פון די, וואָס האָבען געוואָלט געבען נדבות אָרימעלייט, אָבער האָבען ניט געקענט געבען קיין גאַנצען גראָשען. די „פּרוטות" פלעגען אויך ערגעץ איבערגעביטען ווערען אויף געלט.

---

# סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

(פון ה. קאַפּלאַן און א. מאַסלאָוו.)

ווען עס וועט געשריבען די היסטאָריע פון אונזער געבורטשטאָט איז ווערט זיך אָפּצושטעלען אויף דער פעריאָדע, וועלכע ווערט באַצייכענט אַלס די „דער־וואַכונג פון דעם אידישען אַרבעטער אין רוסלאַנד, ליטע און פוילען."

אין נאַוואַרעדאָק, וועלכע איז פאַרוואָרפען אין א ווינקעל אין „ווייס־רוס־לאַנד," ניט האָבענדיג קיין אינדוסטריע און זייענדיג ווייט פון אן אייזענבאַהן, איז נאַטירליך די באַוועגונג געקומען פיל שפּעטער ווי אין די גרעסערע שטעט. צו פאַרדאַנקען אָבער דער אינטעליגענטער יוגענט, וואָס נאַוואַרעדאָק האָט פאַר־מאָגט, האָט זי זיך ניט נאָר אָנגעשלאָסען אָן דער באַוועגונג, נאָר זי איז געוואָ־רען דער צענטער פון דער גאַנצער געגענט. איהרע אָרגאַניזאַציעס, דער „בונד," „ס. ס.," „ר. ס. ד.," זיינען געווען מוסטערהאַפט.

נאָוואַרעדאָקער באַוועגונג הייבט זיך אָן מיט דעם יאָהר 1902. זי האָט זיך אָנגעהויבען מ׳ט אַ צופאַל. אין אָסיען, ווען אַלע יונגע לייט ווערען גערופען צו מעלדען זיך צום מיליטער־דינסט, איז אויך ארויסגערופען געוואָרען ה. קאָל־פּאַניצקי פון ווילנע, וועלכער איז געווען צוגעשריבען צו דעם וואָלאָסט. דער יונגערמאַן איז געווען אַ קורסיסט. ער האָט זיך אָפּגעריסען פון גמרא און האָט זיך גענומען צו וועלטליכער בילדונג אין דער גרויסער שטאָט ווילנע. דאָרט האָט ער באַקומען דעם באַוואוסטזיין פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. פּיהלענדיג זיך לאַנגווייליג אין נאָוואַרעדאָק האָט ער זיך פאַרביינקט אָן דעם בית־המדרש בין מנחה למעריב. ארויפגעהענדיג אויף׳ן שולהויף און באַמערקענדיג דאָס אַלע שולען זיינען טונקעל און די איינציגע קלויז וואָס איז העל באַלויכטען איז דער „מתעסקים,“ וואו יוסף־יוזל האָט געלערנט מוסר, איז ער אַהין אַריין. און ווי איבעראַשט איז ער געוואָרען טרעפענדיג דאָרט זיין חבר פון קינדהייט, אַברהם קאַפּלאַן, אָדער ווי מען האָט איהם אָנגערופען „דער האָראָדנער פרוש.“ נאָך אַ לענגערן שמועס מיט איהם האָט ער באַמערקט, אַז דער פרוש איז ניט נאָר אַ פלייסיגער מוסר׳ניק, נאָר אויך אַ באַוואוסטזיניגער בונדיסט; און אויף די פראַגע: פאַר וואָס זעהט ער ניט צו גרינדען אַן אָרגאַניזאַציע? איז זיין ענטפער געווען, אַז עס איז זעהר שווער צוצוטרעטען צו דער מאַסע, אויסער זיין סביבה. צופעליג פאַרבלייבט קאָלפּאַניצקי אין נאָוואַרעדאָק. ניט האָבענדיג קיין געלט צום פאָהרען צוריק קיין ווילנע פאַרבלייבט ער דאָ אַלס רוסישער לעה־רער אָפען און אַלס וועגווייזער פון „בונד“ אין געהיים. אין אַ קורצע צייט ווערט אָרגאַניזירט אַ גרויסער טייל פון דער אַרבעטער־מאַסע. די ערשטע, צו וועלכע ער איז צוגעטראָטען, זיינען געווען די „זאַלאַטוכער,“ ווייל דאָרטען זיי־נען געווען די מעהרהייט אַרבעטער. זיי האָבען באַלד אויפגענומען די לעהרע פון סאָציאַליזם מיט באַגייסטערונג. האָבענדיג אַ גרויסען טייל אָרגאַניזירט איז מען צוגעטראָטען צו פּראַקטישע אַרבעט. און אין יאָהר 1903 האָט דער „בונד“ אָנגעפיהרט אַ סטרייק פון פרויען־אַרבעטער אין רער קליידער־אינדוס־טריע. געגוי צוויי הונדערט אין צאָהל האָבען געסטרייקט און נאָך אַ צוויי חדשים איז דער סטרייק געוואונען געוואָרען. פון דאַן אָן האָט די שטעטעל גאָר אַן אַנדערן פּנים באַקומען. די אידישע גאַס, וועלכע איז געווען טויט פון שבת ביז שבת, איז מנחה־צייט די גאַנצע וואָך געווען באַלעבט פון מענער און פרויען. די באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבען באַציהען צום „בונד“ און צו

איהרע מיטגלידער מיט רעספּעקט. קיוועלעוויטש'עס זוהן, א סטודענט, שולטער צו שולטער מיט חיים'קע יאַפּאָנעץ, חיים דוד דער יוריסט מיט פּינחס לינדז, או. אז. וו. די בעלי הבתים, נאַטירליך, האָבען טיף באַהאַלטען געטראָגען א שנאה צו דער באַוועגונג, אָבער אָפען האָבען זיי זיך באַצויגען גאַנץ טאָלע־ראַנט. ערב דעם ערשטען מאי 1904 האָבען מיר אויפגעפאָדערט די באַפעל־קערונג צו האַלטען פאַרמאַכט אַלע געשעפטען אַלס פּאָליטישען פּראָטעסט. דעם זעלבען אָוועגט זעהט מען, דאָס דער בית־דין שמש דרעהט זיך אַרום דער וואוינונג פון די באַוואוסטע אָנפיהרער. אויף די פראַגע: וועמען זוכט ער? ענטפערט ער, דאָס דער רב האָט איהם געשיקט אויסגעפינען, אויב די חדרים און תלמוד־תורה'ס מעגען זיין אָפען — ער וויל וויסען ווי זיך נוהג צו זיין. קאָלפּאַניצקי האָט געגעבען די דערלויבעניש די דאָזיגע אינסטיטוציעס צו האַל־טען אָפען.

דער צווייטער גרויסער און וויכטיגער סטרייק, וועלכער איז געקרוינט געוואָ־רען מיט דערפאָלג, איז געווען דער מצה־בעקער סטרייק. נאַוואַרעדאָק, וועלכע האָט פּראָדוצירט פילע טויזענדער פּודען מצה פאַר די וועלט און איז געווען באַריהמט מיט דיזען פּראָדוקט (מען זאָגט, דאָס נאַוואַרעדאָקער מצה אנטקעגען א ליכט איז דורכזיכטיג ווי גלאָז). געדענקט איהר ווען דער מצה־ארבעטער האָט זיך געשטעלט צו דער ארבעט? — צוויי אוהר פאַרטאָג; און ענדיגען? 12 אוהר ביי נאַכט. און אַלץ פאַר 60 קאָפּיקעס א טאָג. דער „בונד" האָט אָרגאַניזירט די מצה־בעקערס און עס איז דערקלערט געוואָרען א סטרייק. אַלס רעזולטאַט איז געוואונען געוואָרען א 12־שטונדיגער ארבעט־טאָג מיט א באַ־דייטענדער העכערונג פון דעם לוין.

ווען עס איז אָנגעקומען דאָס יאָהר 1905 און די רעוואָלוציאָנערע באַווע־גונג איז ארויס פון איהר באַהעלטעניש אין אַן אָפענעם קאַמף, איז אויך אונ־זער נאַוואַרעדאָקער באַוועגונג ארויס אָפען. טעגליכע דעמאָנסטראַציעס זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען. די פּאָליציי פון שטאָט, וועלכע איז די גאַנצע צייט געווען צו אונז גלייכגילטיג, האָט איינגעזעהן דעם טעות, און עס איז ארויס־גערופען געוואָרען א ראָטע קאָזאַקען, וועלכע האָט אויף א טייל פון דער באַפעל־קערונג ארויפגעוואָרפען א שרעק, אָבער די באַוועגונג איז געוואָרען מעהר רע־וואָלוציאָנער. מיר האָבען אָנגעהויבען פיהלען. דאָס מען רעכענט זיך מיט אונז און דאָס האָט אונז דערהויבען. עס איז געקומען דער היסטאָרישער 17־ער אָקטאָבער 1905, ווען די פאַרשטעלטע פרייהייט דעקלאַראַציע איז גע־

געבען געוואָרען פון צאַר ניקאָלאַי. אויף מאָרגען איז זי אויך באַקאַנט געוואָרען אין נאַוואַרעדאָק און פון גאַנץ פריה האָבען אָנגעהויבען שטראָמען מאַסען אויף דעם מאַרק. אַלט און יונג האָבען זיך געגריבעלט, וואָס פאַר אַ ישועה דאָס וועט זיין? מען האָט זיך געאַרעמט, געקושט. די פּאָליציי האָט זעהר ווייניג פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון דער „קאָנסטיטוציע“ און האָט ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ שטעלונג צו נעהמען: זאָל זי פאַנאַנדערטרייבען אָדער ניט? — פּלוצלינג שטעלט זיך אויף דעם מאַרק ה׳ דוד זאַמשניק, און לייענט פאָר אויף׳ן קול די קאָנסטיטוציע, דער „בונד“ האָט גלייך גערופען אַ מאַסענפאַרזאַמלונג אין גרויסען בית־המדרש, און צום ערשטען מאָל האָט די ברייטע באַפעלקערונג זיך צוגעהערט צו אַ סאָציאַליסטישער רעדע, און צום ערשטען מאָל האָט זי זיך דערוואוסט, דאָס דער שטילער רוהיגער בעל־הבתי׳שער קינד אברהם ברוידע, איז גאָר אַ סאָציאַליסט. מערקווירדיג איז געווען די אויפפיהרונג פון די באַאמטע. פאַר דער פאַרזאַמלונג האָט דער אוספּראַווניק געלאָזט רופען צו זיך פאַרטרעטער פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און האָט זיי דערקלערט, דאָס עס איז מעגליך, אַז די קאָזאַקען, וועלכע ער גלויבט זיינען ניט באַקאַנט מיט דער באַדייטונג פון דער קאָנסטיטוציע. זאָלען דאָ האַנדלען ווי דער בלוט־הונט קרילאָוו אין מינסק, און דעריבער וויל ער האָבען פון די אַרבעטער־פאַרטרעטער אַ פאַרשפּרעכונג, אויב זיי נעהמען זיך אונטער צו האַלטען אָרדנונג; אויף זייער פאַרשפּרעכען וועט ער די קאָזאַקען פאַרבאָטען זיך אַריינצומישען. אַזאַ פאַרשפּרעכען איז געגעבען געוואָרען און די פאַרזאַמלונג איז דורכגעפיהרט געוואָרען אומגעשטערט.

אָבער ניט לאַנג האָט אָנגעהאַלטען די פרייליכע שטימונג, וואָס ניקאָלאַי׳ס דעקלאַראַציע האָט אַרויסגערופען. די פּרעסע האָט אונז געבראַכט יעדען טאָג אַלץ טרויעריגערע נאַכריכטען: דאָ פּאָגראָמען אויף אידען, דאָ איבערפאַלען אויף אַרבעטער־פאַראיינען — די רעאַקציע באָדט זיך אין בלוט. אַ טרויעריגע שטימונג האָט אַרומגענומען אונזער באַפעלקערונג. אין דער לופט האָבען זיך געטראָגען קלאַנגען, דאָס אויך אונזער שטאָט וועט ניט אויסגעמיטען ווערען, און אונזער באַפעלקערונג האָט זיך געשראָקען. דער אוספּראַווניק האָט געראַטען די אַרבעטער זאָלען אויף זיך נעהמען צו פאַרטיידיגען די שטאָט אין פאַל פון אַן ערנסטער פּאַסירונג. עס האָבען זיך פאַראייניגט אַלע פּאַרטייען, דער „בונד,“ „ס. ס.“ און „ר. ס. ד.“ צו גרינדען אַ זעלבסטשוץ. ביי אַן אסיפה האָבען די בעלי־בתים צוזאַמען מיט׳ן רב באַוויליגט 200 רובעל אויף געוועהר. עס איז דער־

קלערט געוואָרען מאָביליזאַציע, און ווער נאָר עס האָט געקענט האַלטען אַ שטע־
קען אין האַנט איז גערופען געוואָרען צום דינסט. עס זיינען באַשטימט געוואָ־
רען געהיימע ערטער פאַר די „אָטריאַדען" מיט אַ הויפּט־קוואַרטיר פאַר די
אָנפיהרער. פאַטרולען זיינען אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט און אונטער
דער שטאָט, און צו פאַרדאַנקען דעם זעלבסטשוץ, וועלכער איז באַקאַנט גע־
וואָרען צו די פּויערים אין די דערפער, איז ניט געקומען צו צוזאַמענשטויסען.
עס איז דאָ פיל צו שרייבען וועגען דער פעריאָדע, נאָר מיר מוזען זיך באַגרע־
נעצן צוליב דעם פּלאַץ. מיר ווילען בלויז נאָך צוזעצען, דאָס דער „בונד"
האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט בלויז ביי דער אויפגאַבע צו אַנטוויקלען דעם אידי־
שען אַרבעטער אין נאַוואַרעדאָק און אומגעגענט, נאָר האָט אויך געווירקט
צווישען די פּויערים אין די דערפער. ער האָט גאַנץ אָפט דורך די זאַלאַטוכער
חברים פאַרשפּרייט אין די דערפער פּראָקלאַמאַציעס און לייכטע בראָשורעס.
אין אַ מאַרק־טאָג האָבען זיי אַריינגעלעגט ליטעראַטור אין די וואָגענס פון די
פּויערים. די אַרבעט איז אָנגעפיהרט געוואָרען מיט גרויס מסירת נפש.

מיט עהרע מוזען מיר דערמאָהנען פאַר זייער פּאַרטיי־אַרבעט און אויפקלע־
רונגס־אַרבעט דורך אומזיסטע לעקציאָנען פאָלגענדע פּערזאָנען: אברהם
ברוידע, חיים הערשעל קאָלפּאַניצקי, אברהם קאַפּלאַן, יצחק מאַסלאָוואַטי, הלל
יצחק מיעסעלעווסקי, חיים דוד מאָסקאָווסקי, משה קיוועלעוויץ, אליהו מאָס־
קאָווסקי, מאַנדעל וואַגער און משה ברוידע. אַ דאַנק מוז דאָ אויך אויסגע־
דריקט ווערען פאַר די געלט־שטיצע, וועלכע דער „בונד" פון נאַוואַרעדאָק האָט
באַקומען פון די הערן אָסטאַשינסקי (סאַקער), שימענאָוויץ און זיין פרוי בת־
שבע, פייגענבערג׳ס קינדער און אַנדערע, ספּעציעל דעם ניו יאָרקער „נאַוואַ־
רעדאָקער פּראָגרעסיוו," דעם יעצטיגען ברענטש 146 א. ר., וועלכער האָט גאַנץ
אָפט צוגעשיקט נאָך נאַוואַרעדאָק גרויסע סומעס, וועלכע האָבען געגעבען די
מעגליכקייט אָנצוגעהן מיט דער אַרבעט.

.III

# נאַוואַרעדאָק היינט.

## אַלכּסנדר האַרקאַווי'ס באַריכט פון זיין שליחות אין 1920.

מיט דעם לעבען פון נאוואַרעדאָק אין איצטיגער צייט האָב איך אונזערע לאַנדסלייט באַקאַנט געמאַכט דורך דעם באַריכט וועגען מיין שליחות, וועלכען איך האָב אָפּגעגעבען אויף דער גרויסער פאַרזאַמלונג פון נאוואַרעדאָקער הילף־קאָמיטעט אין ניו יאָרק דעם 5טען סעפּטעמבער, 1920, אין „סענטראַל אָפּערא האוס". דיזער באַריכט איז שפּעטער מיט פאַרמעהרונגען געדרוקט געוואָרען אין אַ סעריע אַרטיקלען אין „פאָרווערטס" פון 14טען סעפּטעמבער ביז 23טען אָקטאָבער, 1920. צו געבען אַ בילד פון דעם היינטיגען לעבען פון אונזער אַלטער היים, קען איך קיין בעסערע זאַך ניט טאָן ווי איבערצוגעבען דאָ מיין אָפיציעלען באַריכט.

אין מיין באַריכט גיב איך אייך איבער ניט בלויז ידיעות וועגען נאוואַרע־דאָק אליין, נאָר אויך אַלגעמיינע באַאָבאַכטונגען און איינדריקען, דורך וועלכע די לאַגע אין אונזער אייגענער שטאָט קען בעסער פאַרשטאַנען ווערען. איך וועל אָנהייבען מיט מיין באַזוך אין ווילנע, וועלכע האָט אין מייז שליחות גע־שפּילט אַ גרויסע ראָליע.

### 1. די אַלטע מאַמע ווילנע. — נסיעה נאָך נאַוואַרעדאָק.

ווילנע, די מוטער פון די אידישע שטעט אין דער אַלטער ליטע, איז געווען מיין לעצטער עטאַפּ פאַר נאוואַרעדאָק, און דאָ האָב איך געדאַרפט מאַכען די ענדליכע פאָרברייטונגען צו מיין שליחות. איך האָב באַזוכט דעם „אידישען גיזגענט־קאָמיטעט" אָדער „יעקאָפּאָ" (יעוורעיסקי קאָמיטעט פּאָמאָשטשי), ווי ער ווערט אָנגערופען נאָך זיין ערשטען רוסישען נאָמען, זיך צו באַראַטען וועגען דער פאָרשטעהענדער אַרבייט. צו מיין פרייד האָב איך געפונען, אַז מיין מוטער־שטאָט געהערט גראַדע צו דעם ראַיאָן פון דעם קאָמיטעט אין דער פאַרטיילונג פון דער גרויסער שטיצע, וועלכע קומט פון אַמעריקע. די געעהרטע באַאַמטע פון „יעקאָפּאָ", באַזונדערס דער באַוואוסטער דאָקטאָר צ. שאַבאַד, און דער סעק־רעטאַר און געשעפטפיהרער, הער מ. שאַליט, האָבען מיר פריינדליכסט געגעבען אַלע נעטיגע אינפאָרמאַציעס און אָנגעבאָטען זייער הילף, פאַר וועלכע איך דריק

זיי דאָ אויס מיין טיפסטע דאנקבארקייט. זיי זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט אין זייער פריינדליכקייט, דאָס זיי האָבען באשטימט איינעם פון זייער שטאַב, דעם געניטען און פעהיגען ארבייטער אין זייער ראיאָן, דעם הער י. וואַלק, מיט מיר מיטצופאָהרען אין מיין גאַנצען ראיאָן. דיזע הילף איז מיר געווען באַזונדערס נעטיג צוליב דעם, ווייל איך האָב געדאַרפט מיטפיהרען מיט זיך דאָס געלט, וועלכעס איך האָב ביז ווילנע געפיהרט אין אָנווייזונגען און דאָ האָב איך עס שוין געמוזט נעהמען אין מזומנים, ווייל נאַוואַרעדאָק האָט ניט קיין באַנק־פאַרבינדונג.

אויף דעם פונקט פון געלט־פיהרען איז זיך כדאי אָפצושטעלען. דאָס איז אַן ענין, מיט וועלכען לאַנדסמאַנשאַפטליכע קאָמיטעטען און דעלעגאַטען דאַר־פען זיך שטאַרק אינטערעסירען. פיהרען אַ סך געלט מיט זיך איז צו יעדער צייט און אין יעדען אָרט ניט זיכער, ניט פאַר דאָס לעבען פון דעם פיהרער, ניט פאַר דאָס געלט, בפרט נאָך אין אַזאַ צובושעוועטער צייט ווי די היינטיגע און אין אַזאַ מדינה, ווי פוילען, וואו די רעגירונג איז נאָך שוואַך אָרגאַניזירט און רויבער־באַנדעס לויערן אויף פילע וועגען. ווען מען וואָלט קענען האָבען דאָס געלט אין גרויסע בילעטען, צום ביישפיל אין 10־טויזענטער, וואָלט נאָך זיין אַ האַלבע צרה. מען וואָלט געהאַט אַ קלענערן פעקעל מיט וועלכען מ'וואָלט זיך לייכט געקענט באַוועגען צוטוליענדיג צו זיך; אָבער די העכסטע בילעטען, וואָס די באַנק גיבען געוועהנליך, זיינען טויזענטער, און דערצו דאַרף מען האָבען נאָך קלענערע, ווייל אין די פּראָווינציעלע שטעט איז ביים אויסצאָהלען שווער צו קריגען רעשטעס. אויף אַזאַ אָרט קומט אויס צו שלעפען זיך מיט אַ גרויסער משא, מיט וועלכער עס איז שווער זיך צו באַוועגען.

דאָס פּאַפּיר־געלט, וואָס איך האָב אָפּגענומען פון ווילנער באַנק, האָט אָנגע־פילט צוויי טשעמאָדאַנעס, וועלכע זיינען געווען שווער ווי בליי, אַזוי דאָס איין מענש וואָלט זיי ניט געקענט ריהרען פון אָרט. אפילו פאַר מיר מיט מיין באַגליי־טער צוזאַמען זיינען זיי געווען צו שווער און מיר האָבען זיי געמוזט געבען אַ טרעגער צוצוטראָגען צו אונזער וואַגאָן. די הויט האָט אויף מיר געציטערט, ויען דער טרעגער האָט זיך מיט די טשעמאָדאַנעס געלט געדרעהט צווישען דער גרויסער מאַסע פּאַסאַזשירען פון וואָקזאַל און פּלאַטפאָרמע, צייטענווייז פאַר־שווינדענדיג פון אונזערע אויגען. איך האָב מורא געהאַט ער זאָל ניט דערשמע־קען, וואָס אינעווייניג איז און זאָל עס ניט אַוועקטראָגען ערגעץ אַנדערש! אויף צו פיהרען דאָס געלט האָב איך ארויסגענומען אַ דערלויבעניש פון נאַטשאַלניק

פון ווילנער אָקרוג. אָהן אזא דערלויבעניש קען מען אמאָל האָבען צרות בון באַאַמטע, וועלכע זיינען חושד, אז מען פיהרט געלט פאר ניט־כשר׳ע צוועקען, ווי צום ביישפּיל, פאר באָלשעוועסטישע פּראָפּאַגאַנדע. מאנכע דעלעגאַטען האָבען ווירקליך געהאַט צרות צוליב דעם. א בעזונדערס אומגליקליכער פאַל האָט פּאַסירט מיט אַן אמעריקאַנישען אידישען דעלעגאַט ביי האָראָדנע קורץ פאַר דער לעצטער אָקופּאַציע פון די באָלשעוויקעס אין יענער געגענט. פּוילישע באַאַמטע האָבען ביי איהם צוגענומען דאָס געלט, מיט דער פאַרזיכערונג, דאָס מען וועט עס איהם אָפּגעבען צוריק נאָך א ספּראַווע, אָבער איידער די ספּראַווע איז געמאַכט געוואָרען, האָט זיך אונטערגערוקט די נייע אָקופּאַציע און דער דע־לעגאַט איז געבליבען אין א פאַרצווייפעלטער לאַגע. ביים ארויסגעבען די דערלויבעניש האָט מיר דער נאַטשאַלניק געוואָרנט, אז ארום נאָוואָיעלניע האָבען זיך די לעצטע צייט באַוויזען רויבער־באַנדעס. נאָוואָיעלניע איז א סטאַנציע בערך 20 וויאָרסט פון נאַוואַרעדאָק, וואו איך האָב געדאַרפט אראָפּגעהן פאָר־צוזעצען דעם וועג מיט א פוהר.

דעם 15טען אפּריל בין איך פון ווילנע אָפּגעפאָהרען מיט׳ן באַהן אין נאַוואַ־רעדאָק. די יאַזדע איז געווען א קלאָגעדיגע. די וואַגאָנעס זיינען געווען גע־פּאַקט צום דערשטיקען און עס האָט געזעצט א ריח פון אומצוכט, פון וועלכען מען האָט געקענט חלש׳ן. דערצו האָט זיך דער צוג געשלעפּט זעהר לאַנגזאַם און האָט געמאַכט לאַנגע הפסקות. אָפּשטעלען האָט ער געמאַכט ניט נאָר ביי סטאַנציעס, נאָר זעהר אָפט אויך אין מיטען וועג, צו ברייגען אין אָרדענונג דעם לאָקאָמאָטיוו, וועלכער האָט אויסגעזעהן ווי א שטיק „דזשאַנק,“ וואָס האָט שוין לאַנג געדאַרפט פאַרקויפט ווערען אויף ברוכאייזען. די וואַגאָנעס זיינען געווען שמוציגע אַלטע חורבות מיט שויבענלאָזע פענסטער פאַרשלאָגען מיט ברעטלאָך אָנשטאָט שויבען, מאַנכע פענסטער פאַרשלאָגען אויף האַלב ארייג־צולאָזען ליכט. די פּאַסאַזשירען זיינען געווען מעהרסטענס קריסטען, אָבער קיין אומאָרדענונגען זיינען דאָ ניט פאָרגעקומען. אויף דעם טראַקט זיינען אָנ־גריפען אויף אידען זעלטען.

אזא זאַך ווי א „פּאַהר־פּלאַן“ אָדער „טאַים־טעיבל“, ווי מיר רופען עס דאָ אין אמעריקע, איז ביי יעצטיגען צושטאַנד פון די באַהנען אין פּוילען און וויים־רוסלאַנד ניטאָ. די ווילנער באַהן דאַרף לויט רעגעלמעסיגער צייט אָנקומען אין נאָוואָיעלניע אומגעפעהר 10—11 א זייגער ביי נאַכט. אָבער ביי דעם היינטיגען שלעפּען זיך פון די צוגען קומען זיי אָן ווען עס לאָזט זיך, אָפט מיט צעהן

שטונדען שפּעטער. מיין צוג איז אָנגעקומען אין נאָוואָיעלניע אַן ערך 4 באַ־ גינען. מיין באַגלייטער און איך זיינען געווען גליקליך מיט דער פאַרשפּעטיגונג, ווייל אין דער פינסטער וואָלטען מיר געווען מעהר אין געפאהר מיט די טשעמאָ־ דאַנעס געלט.

אָנקומענדיג אין נאָוואָיעלניע האָב איך געהאט דעם ערשטען „ברוך הבא“ פון מיין געבורטסשטאָט. נאַוואַרעדאָקער קהילה, וועלכע האָט זיך משער געוועזן, אַז איך דאַרף אָנקומען די טעג, האָט אַרויסגעשיקט צו דער סטאַנציע איינעם פון איהרע, מיטגלידער אָפּצואוואַרטען מיך. אַזוי באַלד ווי איך און מיין באַגלייטער האָבען זיך אַרויסגעשלעפּט פון וואַגאָן מיט אונזער משא, האָט אונז די אויג פון דעם וואַכענדען שליח גלייך אויפגעזוכט און איז אונז געקומען אַנטקעגען מיט די ווערטער: „איך באַגריס אייך אין דעם נאָמען פון נאַוואַרעדאָקער קהילה“! מיין שמחה איז געווען אַ טאָפּעלע: ערשטענס אַ לעבעדיגע פאַרבינדונג מיט מיין שטאָט, צווייטענס — נאָך אַ שומר אויף די טשעמאָדאַנעס מיט די מזומנים, איבער וועלכע איך האָב שטאַרק געציטערט.

נאָך אַ קורצען אָפּרוה אין אַ דערבייאיגער קרעטשמע, וואו מיר האָבען זיך אַ ביסעל אָפּגעפרישט נאָך דער קלאָגעדיגער נסיעה מיט׳ן באַהן, זיינען מיר אַלע דריי אָפּגעפאָהרען מיט אַ בעל־עגלה נאָך דער שטאָט, וועלכע איז געווען דער ציל פון מיין רייזע.

דער פאַרקעהר מיט פערד און וואָגען צווישען נאָוואָיעלניע און נאַוואַרעדאָק, איז זעהר אַ באַקוועמער, צוליב דעם גוטען שאָסעי, וועלכער פאַראייניגט די צוויי ערטער, אויך צוליב דעם, וואָס די בעלי־עגלה׳ריי ליגט דאָ היינט אין בכבוד׳ע הענט. די מעהרסטע בעלי־עגלות היינט אין דער געגענט זיינען בעלי־ בתישע מענשען, וועלכע האָבען זיך אָנגעהויבען צו באַשעפטיגען מיט פיהרען פּאַ־ סאַזשירען אין דער צייט פון דער מלחמה, ווען אַ פּראָסטע באַשעפטיגונג האָט אויפגעהערט צו זיין אַ שאַנדע. איהר קענט איצט אין אַ בעל־עגלה אין דער געגענט האָבען אַן אַנגענעהמען רייזע־חבר, איהר קענט דאָ אָפט פון אַ בעל־עגלה הערען אַ תורה־וואָרט, אַ וואוילען גלייכוואָרט, אַ שענעם אַנעקדאָט. דער איצטיגער בעל־עגלה פון דער געגענט איז אָפט ניט נאָר אַ גוטער געזעלשאַפטלער, נאָר אויך אַ מענש, וועמען איהר קענט זיך אָנטרויען מיט דעם ווערטפולסטען באַגאַזש.

פאָהרענדיג אין וואָגען האָב איך באַטראַכט די געגענט אַרום און איך בין גע־ וואָרען באַצויבערט פון איהר שענקייט. מאַלערישע לאַנדשאַפטען שפּרייטען זיך אויס, וואו מען וואַרפט מיט אַן אויג. די לאַנד־קולטור אָרום דער גאַנצער

געגענט האָב איך געפונען אין אַן אויפגעלעבטען צושטאַנד. די פעלדער זיינען געווען אין בליהונג, אויף די לאַנקעס האָבען זיך געפּאַשעט אַ רעכט ביסעל בהמות און קעלבער. די דאָרפישע באַפעלקערונג האָט מיר אויסגעזעהן, ווי זי וואָלט געניסען וואוילשטאַנד. ווענינע פויערים האָב איך געטראָפען אין קליי־דער פון גראָבען צייג און אין לאַפּצעס; די מעהרסטע, וואָס איך האָב געזעהן, זיינען געגאַנגען אין לעדערנע שיך אָדער שטיוועל, וועלכע, אמת, זיי האָבען גע־שאַנעוועט געהענדיג אין שטאָט אָדער פון שטאָט, טראָגענדיג זיי אויף די פּליי־צעס. עס איז אַ פאַקט, דאָס די פאַרמעגליכסטע פון דער געגענט זיינען איצטער די פויערים, ווייל זיי קריגען פאַר זייערע פּראָדוקטען אַ הויכען פּרייז, ניט אַכ־טענדיג אויף די פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג וועגען ספּעקולאַציע.

אחוץ דער פּרעכטיגער נאַטור אין דער געגענט ציהען אויף זיך די אויפ־מערקזאַמקייט פון דעם רייזענדען'ס אויג די שפּורען פון דער אָקופּאַציע פון די דייטשען. דאָ זעהט איהר די „קליינבאַהנען", וועלכע זיי האָבען געבויט צום פיהרען מלחמה־מאַטעריאַלען; בריקען און בריקלאַך, וועלכע זיי האָבען פאַרלעגט איבער זומפּיגע ערטער און טייכלאַך; פאַרבעסערטע וועגען, בית־עולם'ס פון געפאַלענע אין שלאַכט, און נאָך פילע אַנדערע זאַכען. זעהר אויפפאַלענד זיי־נען זייערע פאַרקאַנדלאַך, טויערן פון הויפען און פּלאַטפאָרמעס פאַר מוזיק־אָר־קעסטערן פון בעראָזעווע פלעקער. פאַר בעראָזעווע האָלץ אָדער „בירקע", ווי דאָס הייסט אין דייטש, האָבען זיי געשיינט צו האָבען אַ באַזונדער ליידענ־שאַפט.

נאָך אַ דריי שעה פאָהרען בין איך ענדליך געקומען פאַר דער ראָגאַטקע פון מיין ליבער אַלטער היים. ביי דעם אָנבליק פון מיין געבורטשטאָט בין איך געוואָרען געריהרט ביז טרערען: שוין 43 יאָהר ווי איך האָב פערלאָזען דעם אָרט, וואו מיין וויגעלע איז געשטאַנען, וואו איך האָב געוועבט מיינע יוגענד־חלומות, וואו איך האָב איבערגעלאָזען דעם פריהצייטיגען קבר פון מיין ליבער מוטער און מיין איינזאַמען פאַר'אַלמנ'טען פאַטער, וועמעס קבר איך וועל ערשט זעהן צום ערשטען מאָל.

זיבען—אַכט אַ זייגער איז מיין וואָגען אריין אין שטאָט, וועלכע איז נאָך כמעט געשלאָפען. אויף דעם מאַרק, איבער וועלכען איך בין געפאָהרען צו מיין אכסניה, האָבען אומגעשפּאַצירט אייניגע מענשען, וועלכע האָבען געקוקט אויף דעם וואָגען, ווי עס האָט אויסגעזעהן, ניט מיט פיל נייגעריגקייט. איך האָב גערעכענט, אַז מיין אָנקומען וועט בלייבען אומבאַמערקט ביז איך וועל זיך

אָנהייבען ווייזען פאַר'ן עולם, אָבער איך האָב געהאַט אַ טעות. איך האָב נאָך ניט אויסגעשפּייעט אָפּצושאָקלען דעם וואַנדער־שטויב און אויסרוהען זיך פון די טרייסלעניש אויף'ן וואָגען, איז דער הויף פון מיין אכסניה געוואָרען פול מיט מענשען, און קינדער האָבען זיך געהאַנגען אָן דעם פענסטער פון מיין צימער אָנצוקוקען דעם אורח. אין דעם טומעל האָט זיך פאַר מיר באַוויזען דער שטאָט־שמש, וועלכער האָט מיר געגעבען שלום עליכם און געזאָגט אין אַ פאָרמאַלנעם טאָן:

„אין נאָמען פון נאַוואַרעדאָקער קהילה בין איך געקומען זאָגען: „ברוך הבא“!

רוה האָב איך שוין דעם טאָג ניט געהאַט!

די צוויי טשעמאָדאַנעס מיט די עטליכע מיליאָנען מאַרקען האָב איך באַזאָרגט אויף דעם בעסטען אופן, וואָס איך האָב געקענט. קיין אייזערנע קאַסע־שראַנקען זיינען אין נאַוואַרעדאָק ניטאָ. עס איז ביי מיר און מיין באַגלייטער געבליבען בהסכם, אַז מיין גאַסט־ווירטין זאָל זיי בעהאַלטען אין די בעטגעוואַנט, וועלכע איז פאַרבליבען מיין „סייף“ ביז דאָס געלט איז געוואָרען אויסגעצאָהלט.

## 2. ווי איך האָב געפונען אונזער שטאָט.

נאָך דריי־און־פערציג יאָהר זיין אוועק פון מיין געבורטשטאָט און נאָך איהרע דורכלעבענישען אין דער מלחמה, האָב איך געמיינט, דאָס איך וועל זי געפינען פיל געענדערט און טיילס צעשטערט. אָבער איך האָב געהאַט אַ טעות. זי האָט זיך פאַר מיר באַוויזען גראַדע ווי ווען איך האָב זי פאַרלאָזען מיט מעהר ווי פיר צעהנדליג יאָהר צוריק — איהר מאַרק און די שורות קראָמען מיט די רונדע זיילען, איהר שול־הויף, איהרע גאַסען, איהרע בנינים, איהר שלאָסבאַרג מיט די היסטאָרישע חורבות, די זעלביגע ווי געווען, מעהר ניט ערטערווייז געענדערט און דוקא צום בעסערן. באַזונדערס אומגעענדערט איז געבליבען דער מאַרק, דער מערקווירדיג שענער מאַרק, דער ציפּער־בלאַט פון נאַוואַרעדאָק. ווען איך בין אויף איהם אַרויפגעפאָהרען, האָט זיך מיר אָפּגעדוכט, ווי איך וואָלט ערשט נעכטען איהם געזעהן; די איינציגע ענדערונג, וואָס איך האָב אויף איהם געפונען, איז געווען די נאַקעטקייט פון די זיילען פון די קראָמען, פון וועלכע דער טינק איז אָפּגעשאָסען פון אַלטקייט. דער פרעסענדער צאָהן פון דער צייט האָט זיי ניט פאַרשוינט! צעשטערונג פון דער מלחמה האָט נאַוואַרעדאָק ניט געליטען, ווייל זי איז ניט געווען אין דער ליניע פון דעם פראָנט; זי איז נאָר געווען באַזעצט פון מיליטער, אָבער מיליטערישע אָפּעראַציעס זיינען דאָרט ניט פאָרגעקומען.

דאַנענען האָב איך געפונען אַ גרויסע ענדערונג און אַ גרויסען חורבן אין דער באַפעלקערונג. גלייך ביים אָנקומען האָב איך באַמערקט איהר שיטערקייט. אויף דעם מאַרק, וועלכער איז אין מיינע יונגע יאָהרען געווען באַלעבט פון פיל מענשען, איז יעצט געווען כמעט לער. אין מיין צייט האָט נאַוואַרעדאָק געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַ צוועלף טויזענט (לויט דעם רוסישען צענזוס פון 1897 האָט דיזע באַטראָפען 13,656, פון וועלכע 8,137 זיינען געווען אידען), יעצט איז דאָרט פון אידען געבליבען בלויז אַ דריטעל, און פון דער פאַרקלענערטער צאָהל זיינען אפשר ניט מעהר ווי 25 פּראָצענט אייגענע קינדער פון שטאָט, די איבעריגע זיינען אָנגעלאָפענע פון די ארומיגע ערטער, וועלכע האָבען געזוכט רעטונג פון דעם פראָנט אין דער מלחמה. וואו זיינען אהינגעקומען די אייגענע נאַוואַרעדאָקער? אַ טייל פון זיי האָבען אויסגעוואַנדערט פאַר דער מלחמה נאָך אַמעריקע, אַ טייל זיינען אַנטלאָפען אין רוסלאַנד איידער די דייטשען זיינען אַהין אריין, און אַ טייל זיינען אומגעקומען פון הונגער און פון דער עפּידעמיע, וועלכע האָט דאָרטען געהערשט אין דער צייט פון דער מלחמה. פון די גאָר אַלטע איינוואוינער, פון די אַלטע פאַמיליעס, האָב איך דאָרטען נאָך געפונען בלויז שברי־כלי׳ס, פאַראיינצעלטע מיטגלידער, צווישען זיי עטליכע חברים פון מיין עלטער און אַ פּאָר אַלטע לייט פון איבער אַכטציג יאָהר. די פּראָמינענטסטע פון דער שטאָט פון מיינע אינגעלשע יאָהרען האָב איך געפונען שלאָפענדיג דעם אייביגען שלאָף אויף׳ן בית עולם! דאָרטען ליגט דער רב ר׳ יחיאל מיכל עפּשטיין, וועלכען איך האָב איבערגעלאָזען; ר׳ יוסף קאַבאַק, דעם תקיפ׳ען גביר פון שטאָט, וועלכער האָט יעדען שבת געגעבען דריי מאָהלצייטען אַלע אָרימע לייט; ר׳ זעליג, דעם בייזען, אָבער עהרליכען און ערנסטען ראש ישיבה; ר׳ משה פרומקעס, איינעם פון די זיילען פון דער קהילה, וועלכער האָט אויפגעפּאַסט אויף די פרומקייט, און פילע פון זיינע חברים, וועלכע זיינען אין מיין צייט געווען ליכטיגע שטערן אויף דעם הימעל פון נאַוואַרעדאָק.

איין ענדערונג, וועלכע איך האָב געפונען אין מיין שטאָט, האָט אָנגעפילט מיין הארץ מיט פרייד. די ענדערונג איז די מאָדערנעקייט פון דער אידישער באַפעלקערונג, די איינפיהרונג פון דעמאָקראַטישע מעטאָדעס אין דער פיהרונג פון דער געמיינדע און די אויפלעבונג פון אידישער קולטור. נאַוואַרעדאָק האָט אימער געענטפערט אויף דעם רוף פון דער צייט. אין דער צייט פון לומדות האָט זי זיך אויסגעצייכענט אַלס מקום תורה און אין דער צייט פון השכלה איז זי געווען אַ נעסט פון בילדונג, אָבער איך האָב ניט דערוואַרט, אַז אין אַ צייט,

ווען זי איז געווען אין די גרויזאַמע צוואַנגען פון דער וועלט־מלחמה, זאָל זי זיך געבען אַ נעהם צו קהל'שער אָרגאַניזאַציע און גייסטיגער ארבעט. דער־קלערענדיג די מערקווירדיגע דערשיינונג, האָבען מיינע אויפגעקלערטע שטאָט־לייט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די אויפלעבונג פון דעם אידישען גייסט אין אַן עת צרה איז ניט קיין נייעס: עס האָט זיך דאָ בלויז איבערגע'חזר'ט דאָס, וואָס איז שוין פאָרגעקומען אין פריהערדיגע קאַטאַסטראָפעס, ווי צוםביישפיל נאָך גזירות ת"ח, ווען תורה האָט זיך ביי אידען פארשטארקט נאָך מיט מעהר פרישקייט. זעהר ריהרענד האָט איינער פון די גייסטיגע פיהרער פון שטאָט, ה' דוד קאַהאַן, געזאָגט אין אַן עפענטליכער רעדע, אָנדייטענדיג אויף די הונגער־צייט: „אין דער צייט ווען מיר זיינען געווען פערוואַנדעלט אין חיות, ווען מיר האָבען געגעסען גראָז ווי בהמות, האָבען מיר געזאָרגט אויפ־צוהאַלטען די מענשליכקייט און צו דערנעהרען די נשמה!"

ווען די גייסטיגע לאַגע פון נאַוואַרעדאָק איז דורך די מלחמה געוואָרען גע־הויבען, איז אָבער איהר מאַטעריעלע לאַגע דורך די זעלביגע געפאַלען. דעם כח, וואָס די נשמה קען באַווייזען דורך קאַטאַסטראָפעס זיך צו דערהייבען, קען ליידער דער גוף, דער שטערבליכער טייל פון מענשען, ניט באַווייזען. אויף'ן ערשטען אָנבליק פון די שטאָטלייט אין גאַס, אין דעם טאָג פון מיין אָנקומען, האָט עס מיר אויסגעזעהן, ווי זייער מאַטעריעלע לאַגע וואָלט זיין אַ נאָרמאַלע: אַ באַדייטענדער טייל פון עולם איז געווען נישקאָשעדיג אָנגעטאָן, אנדערע זאָגאַר אין פיינע מלבושים. די געזיכטער האָבען ניט אָנגעוויזען אויף קיין הונגער־ליידען. אמת, דאָ און דאָרטען האָב איך געזעהן אין די גאַסען באָרוועסע קינדער און אויך מאַנכע עלטערע, באַזונדערס מיידלאַך, אָהן שיך אָדער אין „כאָדאַקעס" (הילצערנע פאָדעשוועס מיט בענדלאַך), אָבער דאָ איז אפילו אין פריהערדיגע נאָרמאַלע צייטען ניט געווען קיין נייעס צו זעהן באָרוועסע.

פון גאַס אליין וואָלט איך קיין ריכטיגען אורטייל וועגען דער מאַטעריעלער לאַגע פון דער גאַנצער שטאָט ניט געקענט אַרויסטראָגען. ערשט ווען איך בין אינטימער באַקאַנט געוואָרען מיט דעם לעבען פון שטאָט און מיט איהרע קוואַלען פון חיונה, איז מיר קלאָר געוואָרען די אילוזיע, די אָפּנאַרענדע דער־שיינונג פון גאַס: איך האָב זיך דערוואוסט, דאָס די קליידער, וואָס זיי טראָ־גען אויף זייערע לייבער, זיינען מעהרסטענס געשענקטע — פון די מלבושים, וואָס זיינען צוזאַמענגעקליבען געוואָרען אין אמעריקע צו פאַרטיילען צווישען דער אָרימער באַפעלקערונג; און די שפּייז, וועלכע דערהאַלט די מעהרסטע פון

דער באַפעלקערונג ביים לעבען, זיינען פון די פּאָלקס-קיכען, וועלכע ווערען אויפגעהאַלטען אויף דער שטיצע, וואָס קומט פון אַמעריקע דורך דעם „דזשאָינט דיסטריביושאָן" קאָמיטעט און די אַלגעמיינע אַמעריקאַנישע הילף דורך הוא־ווער'ס אָרגאַניזאַציע. פון דיזער שטיצע לעבט עס דער גרעסטער טייל פון שטאָט. נאַטירליך, די חיונה פון אַזאַ מקור איז ניט קיין גענוגענדע, אָבער הונגערן הונגערט מען ניט. צו פאַרדאַנקען די קהל'שע איינריכטונגען פאַר די שפּייזונג פון עולם, איז יעצט ניטאָ קיין איינציגער, וואָס זאָל ניט זיין זיכער מיט זיין טעגליכער נאַהרונג, אפילו ווען זי איז נאָר גענוג צו דערהאַלטען ביים לעבען. אַן אָרימאַן, וואָס זאָל אין גאַנצען פאַרהונגערן, ווי מען טרעפט גראַדע אין נאָרמאַלע צייטען אונטער דער עקסיסטירענדער אָרדענונג פון דער געזעל־שאַפט, איז יעצט ניטאָ, די קאָמיטעטסקע הילף איז פאַר אַלע נויטליידענדע.

ניט אַלע אין נאַוואַרעדאָק לעבען אויף צדקה. אַ טייל פון דער באַפעלקערונג איז אין שטאַנד זיך אַליין צו דערנעהרען, אָבער די צאָהל פון אַזעלכע איז ניט קיין גרויסע, פערציג פּראָצענט אַז פיל. צו די געהערען פערזאָנען, וואָס קריגען געלט גענוג צום לעבען פון זייערע קרובים אין אַמעריקע; בעלי מלאכות, וואָס זייערע פאַכען זיינען יעצט קוראַנט, ווי שניידערס און שוסטערס, וועלכע האָבען אַרבעט פון איבערנייען אַלטע בגדים און פאַרריכטען שיך, און מאַנכע ברויט־בעקער; ענדליך קרעמער און קאָמיסיאָנערען, וואָס שאַפען סחורה פון ווילנע אָדער וואַרשע און גיבען זיך גלייכצייטיג אָפּ מיט געלט־וועקסעל. עס זיינען דאָ איינציגע, וועלכע ווערען געשאַצט אַלס עשירים. פאַר מאַנכע האָט גראַדע די טרויעריגע צייט געשאַפען די געלעגענהייט צו מאַכען קאַפּיטאַל. דאָס ביסעל געשעפט, וואָס ווערט געטאָן, איז מעהרסטענס מיט דער אָרומיגער פּויערשער באַפעלקערונג, וועלכע קויפט איהרע נויטיגקייטען אין נאַוואַרעדאָק. די פּייערים פון דער געגענט זיינען יעצט גוט אין מעמד און פאַרגינען זיך זאָגאַר איינצושאַפען לוקסוסען. די זונטאָגדיגע מערק עקסיסטירען נאָך אין נאַוואַרע־דאָק, הגם זיי זיינען פיל קלענער, ווי זיי זיינען געוועזען אין מיינען יונגע יאָהרען. — אָט אַזוי שטעהט אויף די אייגענע פים אומגעפעהר אַ דריטעל פון דער באַפּעלקערונג. די איבעריגע זיינען אין גאַנצען אָדער צום טייל אָנגעוויזען אויף צדקה, אויף שטיצע, וועלכע קומט פון די קאָמיטעטען. ווען די דאָזיגע שטיצע זאָל צוריקגעצויגען ווערען, דערוואַרט זיי איינפאַך אַ הונגער־טויט.

## 3. אונטער די אָקופּאַציעס פון דייטשען און באָלשעוויקעס.

ווי טרויעריג עס איז דער מאַטעריעלער צושטאַנד פון נאַוואַרעדאָק, ווי איך האָב איהם געפונען, איז ער אַ גליקליכער אין פאַרגלייך מיט איהרע דורכלעבענישען פאַר דער פוילישער הערשאַפט.

די קריטישע לאַגע פון נאַוואַרעדאָקער באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעפאַנגען ווען די רוסען האָבען זיך צוריקגעצויגען און די געגענט איז געוואָרען פאַרנומען פון די דייטשען. זי איז דאַמאָלס געוואָרען אָפּגעשניטען פון דער וועלט און עס זיינען פאַרמאַכט געוואָרען פאַר איהר אַלע קוואַלען פון פּרנסה, אַ חוץ דעם, וואָס עס האָבען איהר דערוואַרט אַלע אַנדערע שרעקען פון מלחמה. זי הייבט זיך אָן געפינען אין אַ גרויסער נויט, וועלכע ווערט נאָך גרעסער דורך אַ שטראָם פון פליכטלינגען פון די ערטער, וואו די דייטשע מיליטערישע אָפּעראַציעס האָבען געדאַרפט פאָרקומען. די לאַגע פון יענער טרויעריגער צייט ווערט קורץ אָבער שאַרף געשילדערט אין אַ באַריכט, וועלכער איז מיר איבערגעגעבען געוואָרען שריפטליך פון דעם צייטווייליגען רב פון נאַוואַרעדאָק, ר' מאיר אַבאָוויץ. קיין באַגלויבטערע שילדערונג ווי זיינע דאַרפען מיר ניט האָבען, און איך וועל דאָ ציטירען זיינע ווערטער.

„יעצט — שרייבט דער עהרווירדיגער רב, באַריהרענדיג יענע קריטישע צייט — הייבען זיך אָן די ריכטיגע צרות: הונגער, נאַקעטקייט, באָרוועסקייט, פּראָוומיציכטיגונג צוליב טראָגען די העמד אויף'ן לייב ביז זי ווערט צעריסען, פאַרשפּרייטונג פון פאַרשיידענע קראַנקהייטען, אָוועקשיקונג פון יונגע מענשען אין דייטשלאַנד, צוואַנג־אַרבייט אויף די וועגען און אין די וועלדער... די שטערבליכקייט וואַקסט... נאַטירליך קען נאַוואַרעדאָק ניט העלפען אַ גרויסע אַרמיי פון אָרעמע און אומגליקליכע אין שטאָט און אַרום שטאָט, אייגענע און פרעמדע... די דייטשע מאַכט האָט אָנגעהויבען אַרויסשיקען די פּליכטלינגען אין די געגענטען פון וואַנען די דאָרפישע באַפעלקערונג איז אַנטלאָפען...די סצענעס, וואָס האָבען זיך אָפּגעשפּילט ביי דעם אַרויסשיקען, זיינען אומבאַשרייבליך, מען פּאַקט אויף פוהרען הונדערטער נפשות, צווישען זיי אַלטע, שוואַכע, קינדער, פרויען, אפילו קראַנקע, נאַקעטע, הונגעריגע, מען פיהרט זיי אַלע צונויף אין מאַרק. צום שלימזל איז די פּאָגאָדע זעהר שלעכט. מען האַלט זיי אויף'ן מאַרק מעהרערע שעה'ן ביז ס'ווערען פאַרטיג אַלע הכנות. מען פיהרט זיי אַוועק אונטער אַ שטרענגער וואַך און קיין נפש ווייס ניט וואוהין מען פיהרט זיי. פאַר

די ערשטע פּאַרטיע האָט נאָך נאַוואַרעדאָק געקענט פיל־ווענינ טאָן: ס'איז אויפגעקליבען געוואָרען אַ ביסעל קליידונג, געלט, עסענוואַרג; פאַר די אַנדערע פּאַרטיעס האָט שוין אַזוי פיל ניט געקענט געטאָן ווערען".

פולער צו מאַכען דאָס בילד פון נויט און צרות, וועלכעס באַקומט זיך פון דיזער קורצער שילדערונג, וועל איך דאָ צוגעבען איינינע פאַקטען, וועלכע די שטאָטלייט האָבען מיר דערצעהלט פון יענער טרויעריגער צייט. דער מאַנגעל פון עסענוואַרג אין דער הונגער־פעריאָדע איז געווען אַזוי גרויס, דאָס נאָר וועניגע האָבען געקענט באַווייזען צו קריגען מענשליכע שפּייז און פילע האָבען געזוכט נאַהרונג אין ווילדע גראָזען פון פעלד. מיט דעם דאָזיגען בהמה'ישען מאכל, וועלכען מען האָט דורך די קונסט פון קאָכען פאַרוואַנדעלט אין אַ מענשליכען, האָט מען ניט געקענט זאַט ווערען, מען האָט דערמיט געקענט בלויז אָפּנאַרען דעם מאָגען אויף אַ ווײַלע, און זעהר אָפט איז מען דערפון קראַנק געוואָרען. צוגרייטען אָט די הונגער־שפּייז איז ניט געווען אַ לייכטע אַרבייט. דאָס אויסגעקליבענע גראָז איז ניט געקאָכט געוואָרען אַזוי איינפאַך ווי שטשאַווי, נאָר האָט געדאַרפט דורכגעהן אַ פּראָצעדורע פון בריהעניש און זייהעניש כדי אַוועקצונעהמען דעם ווילדען געשמאַק, און ערשט דאַן האָט דאָס עסען געהאַט אַ טעם פון חלשות. און דעם עקעלדיגען געריכט האָט מען אויך געשטעלט אַלס טשאָלענט אויף שבת. גאַרטען־געוועקס—בוריקעס, ברוקווע, מערען, און אַז. וו. — זיינען געוואָרען פאַר שטאָטלייט אַ זעלטענער לוקסוס און נאָר פאַרמעגליכע האָבען עס געקאָנט קריגען. אַ איד האָט מיר דערצעהלט, ווי אַזוי ער האָט איינמאָל אַוועקגעשטעלט אַ קאָשיק מיט בוריקעס פאַר זיין טיר, און ווי ער האָט זיך נאָר אָפּגעקעהרט, זיינען די בוריקעס צעכאַפּט געוואָרען פון קליינע קינדער, וועלכע ער האָט נאָכדעם געזעהן גריזענדיג זיי רויערהייט! דער הונגער און די ווילדע שפּייזען, אַזוי גוט ווי די אומצוכט פון מאַנגעל אין וועש, האָבען געפיהרט צו עפּידעמישע קראַנקהייטען. די צאָהל פון קראַנקע איז געוואָרען אַזוי גרויס, דאָס אין שטאָטישען האָספּיטאַל איז מען געווען געצוואונגען צו לעגען צוויי קראַנקע פון באַזונדערע אנשטעקענדע חלאת'ען, אָפט מאַנסביל און פרויען צוזאַמען, אין איין בעט!

כדי מען זאָל ניט האָבען קיין טעות וועגען דער באַציהונג פון די דייטשען צו דער טרויעריגער לאַגע פון דער ציוויל־באַפעלקערונג פון נאַוואַרעדאָק, האַלט איך פאַר גערעכט דאָ איבערצוגעבען, וואָס איך האָב וועגען דעם דערגאַנגען פון די שטאָטלייט.

די דייטשען — האָבען מיר פילע דערצעהלט — זיינען דורכאויס ניט געווען גלייכגילטיג צו די צרות און נויט פון דער ציווילנער באַפעלקערונג. זיי האָבען ארויסגעוויזען אַ געפיהל פון פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר איהר און האָבען איהר געהאָלפען ווי ווייט עס איז געווען אין זייער מעגליכקייט. זיי האָבען געהיט נעגען ספּעקולאַציע מיט שפּייז און האָבען פון זייערע פּאָרראַטען פאַרקויפט לעבענסמיטלען צו זעהר קליינע פּרייזען, נעהמענדיג אין באַטראַכט, דאָס דער עולם האָט קיין געלט ניט. אַ חוץ דעם האָבען זיי דער באַפעלקערונג געהאָלפען מיט זייער „צוואַנג־אַרבייט", דורך וועלכע זיי האָבען די איינוואוינער געגעבען צו פאַרדינען אויף ברויט. וועגען דער „צוואַנג־אַרבייט" מוז דאָ באַמערקט ווערען, אַז זי איז ניט אימער געווען אַ געצוואונגענע, און די, וואָס האָבען זי געקראָגען, זיינען געווען צופרידען. ניט נאָר די אָרגאַניזירטע דייטשע מאַכט, נאָר אָפיצערען און סאָלדאַטען אינדיווידועל האָבען אָפט געשטיצט פאַמיליעס פון ציווילנע, מיט וועלכע זיי זיינען געקומען אין באַריהרונג, און פלעגען סיי אויף אַ כשר'ען סיי אויף אַ ניט־כשר'ען אופן אָפט צוברייננגען זייערע ציווילנע פריינד מעהל, צוקער, גרויפּען און אַנדערע נויטיגקייטען. דאָס אַלעס האָט אויפגעהערט ערשט ווען די לאַגע פון די דייטשען אַליין איז געוואָרען קריטיש.

אין דער טרויעריגער צייט אונטער דער דייטשער הערשאַפט האָט אויך ניט געפעהלט קיין הומאָר. אַ דאַנק דער מענשליכער באַהאַנדלונג פון די דייטשען האָט די ציווילנע באַפעלקערונג מיט זיי זיך געפיהלט אַזוי זיכער, דאָס עס האָבען זיך געפונען מענשען, וואָס האָבען זיך דערלויבט צו באַגעהן עוולות און אָפּצוטאָן שפּיצלאַך, נאַטירליך געטריבען דערצו דורך די נויט. די שטרענגע פּינקטליכקייט, פאַר וועלכע די דייטשען זיינען שטענדיג געווען באַריהמט, איז אין דער אומגעוועהנליכער וועלט־איבערקעהרענדער מלחמה געוואָרען געבראָכען, און מאַנכע באַמערקענדיג דאָס, האָבען געוואַגט איבערצוטרעטען זייערע פאַראָרדענונגען און פאַרבאָטען, נאַטירליך דורך כיטראָסטען. איך האָב וועגען די געוואַגטע רמאות און שפּיצלאַך זיך אָנגעהערט פילע אַמוזאַנטע מעשה'לאַך. עס איז פאַר אַ צייט געווען פאַרבאָטען איינצוקויפען קאָרן פון די פּויערים, האָבען מאַנכע, געטריבען דורך נויט, דאָך געוואַגט עס צו טאָן, ניט אַכטענדיג אויף די שטראָף, וועלכע זיי האָט דערוואַרט דערפאַר. עס איז אָבער זעלטען געקומען צו אַ שטראָף. אפילו ווען מען האָט געכאַפּט, האָט זיך דער שולדיגער ארויסגעדרעהט, און מאַנכמאָל ארויסגעדרעהט זיך אַזוי קונציג, אַז דער באַאַמטער, וואָס האָט געמאַכט דעם אַרעסט, איז נאָך דערפאַר געטאַדעלט געוואָרען.

אַ ביישפּיל: אין דער צייט פון פאַרבאָט אויף געטריידע, פּיהרען צוויי אידען אַ פּאָר זעק קאָרן און אַ פּאָר זעק קאַרטאָפעל. זיי ווערען געפּאַקט פון אַ סאָל־דאַט. איינער פון זיי זעצט זיך מיט'ן סאָלדאַט אויף'ן זיץ־באַק אויף'ן וואָג צום קאָמאַנדאַנט און פאַרפּיהרט מיט איהם אַ שמועס, וועהרענד דער צווייטער, אויף אַ פאַר'גנב'עטען וואונק פון דעם ערשטען, שיט אַראָפּ אונטער דעם געוויש פּין די רעדער די תבואה אין אַ גראָבען ביים זייט פון וועג. קומענדיג צום קאָמענ־דאַנט געפינט מען נאָר די קאַרטאָפעל, וואָס איז יע ערלויבט צו קויפען, און דער סאָלדאַט בלייבט מיט אַ נאָז. אָדער אַזאַ געשיכטע: אַ איד האָט נעטיג אַרי־בערצוגעהן דעם פראָנט, וואָס איז שטרענג פאַרבאָטען. ער קומט צו צום פראָנט און אָהן שהיות געהט ער זיך ווייטער, ניט קוקענדיג אויף די וואך. אַ סאָלדאַט שטעלט איהם אָפּ: „האַלט! האָבען זי איינע בעשייניגונג?" — „יאַ," ענט־פערט דער איד. — „פאָן וועם?" — „פאָן קייזער ווילהעלם זעלבסט," ענטפערט דער איד, דערלאַנגענדיג איהם אַ 5־מאַרק פּאַפּירעל — „אָ יאַ, ביטע שען," ענטפערט דער שומר מיט אַ שמייכעל און לאָזט איהם דורך. אין דער צייט פון דער „צוואַנג־אַרבייט" (וועלכע איז ניט אימער געווען געצוואונגענע אַרבייט) זיינען פאָרגעקומען פאַלען, דאָס יונגע לייט האָבען זיך פאַרשריבען אין עטליכע גרופּעס אום צו קריגען עטליכע מאָל געצאָהלט. מיינע שטאָטלייט האָבען מיר דערצעהלט, אַז די דייטשען האָבען דיזע שפּיצלאַך פון די אידען אָנגענומען גוט־מוטיג און פלעגען זאָגען: „וויר קענען די גאַנצע וועלט בעזיגען, נור ניכט די יודען!"

אונטער דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט איז די לאַגע פון דער שטאָט געוואָרען נאָך ערגער, ווי אין דער ערגסטער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. הרב אבאָוויץ שילדערט אין זיין דערמאָהנטען באַריכט, די דורכלעבענישען פון דער שטאָט אין דער דאָזיגער צייט. ער שרייבט:

„די דייטשען פאַרלאָזען דאָס לאַנד און די באָלשעוויקעס קומען. אויף אַלץ, וואָס איז נאָר דאָ אַ סימן פון דייטש, זיינען די באָלשעוויקעס די יורשים. אַלץ, וואָס איז געקויפט געוואָרען ביי די דייטשען, ווערט אָפּגענומען. עס פאַרשווינדט דער מין עסענוואַרג, דער האַנדעל שטאַרבט אָפּ. דער הונגער, וועלכער איז דער זעלבסטהערשער אין דער מלוכה פון די באָלשעוויקעס, פאַר־שפּרייט זיינע פליגלען, און ווי נאָר ער אָרדענט זיך איין, רופט ער צו זיך זיינע מיטאַרבייטער, דעם טיפוס, די דיזענטעריע, דעם טובערקולאָז; מיט זיי קומען אויך אַלס פּראָפעסיע־קאָלעגעס סקאַרלאַטין און פּאָקען. קיין מעדיצינישע

הילף איז ניטאָ וואו צו באַקומען. דער אידישער האָספּיטאַל אין נאַוואַרעדאָק עקסיסטירט ניט מעהר, דער שטאָטישער האָספּיטאַל איז באַשטימט נאָר פאַר מיליטער... ווענען ברויט קלערט די אָרימע באַפעלקערונג מעהר ניט און דאָס זעלביגע אויך וועגען אַנדערע נאָהרונגס־פּראָדוקטען. מען דאַנקט דעם אויבער־שטען ווען מען קריגט נאָר אַזאַ מין זאַך, וואָס די ציין קענען דאָס צוּמאָהלען. עס טרעפט אַ פאַל, וואָס איינער באַקומט זאַט אָפּצועסען און דער עסען פאַר־שאַדט איהם שוין און ער שטאַרבט דערפון תכף. די שטוב ביי מיר איז כמעט שטענדיג פול מיט הונגעריגע. עס טרעפען אָפט פאַלען, וואָס מענשען חלש'ן אין גאַס געהענדיג פון הונגער, עס האָבען אַזעלכע פאַלען ביי מיר אין שטוב געטראָפען. מען איז פון דער אַרומיגער וועלט אָפּגעשניטען, מען קען קיין הילף פון ערגעץ ניט באַקומען".

אונטער דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט איז די לאַגע פון שטאָט געווען ערגער ווי אונטער די דייטשען, איינפאַך דערפאַר, ווייל די באָלשעוויקעס זיינען אַריינגעקומען פאַרהונגערטע און אָפּגעריסענע. מיט אַלע רעקוויזיציעס, וואָס זיי האָבען געמאַכט, האָבען זיי אַליין געהונגערט. אין די קלענסטע געשעפטען — האָט מען מיר דערצעהלט — פלעגען זיי אַריינקומען און פרעגען, אפילו גוטמוטיג: „טשעם אָגראַביט וואַס " (וואָס זאָלען מיר ביי אייך צונעהמען?) זיי פלעגען כמעט בעטלען. קיין אכזריות האָבען זיי ניט באַגאַנגען און האָבען באַהאַנדעלט די באַפעלקערונג מיט יושר. פאַר טשינאָווניקעס האָט די באָלשע־וויסטישע מאַכט אָנגענומען אידען ווי גויים, אָהן אונטערשייד, און מאָראַל און גערעכטיגקייט זיינען געווען אָפּגעהיט זעהר שטרענג. איינער פון זיי, וועלכער האָט גע'גנב'עט ביי אַ אידען אַ פוטער, איז פאַר'משפט געוואָרען צום טויט.

וועגען די באָלשעוויקעס פון דער ערשטער אָקופּאַציע רעדט די באַפעלקע־רונג אָפט שפּאַסענדיג, אַזוי ווי פון פורים־שפּילער, כאָטש אונטער זיי האָט די שטאָט דורכגעלעבט די טרויעריגסטע צייט. אין נאַוואַרעדאָק, ווי אין אַלע אַנדערע ערטער פון דעם ראַיאָן, רופען די אידען אָן די באָלשעוויקעס די „גדולים" אָדער די „גרויסע." אין דער טרויעריגסטער סיטואַציע איז דאָ אָן עלעמענט פון הומאָר!

### 4. באַציהונגען צווישען אידען און גויים.

אין היינטיגער, אומרוהיגער צייט, ווען די פּאָליטיק פון „זעלבסטבאַשטי־מונג" האָט פאַרשאַרפט דעם ענגען פאַטריאָטיזם פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַ־ליטעטען און די אידען זיינען געוואָרען קרבנות פון גרויזאַמען ראַסענהאַס, ווער

פאַר אייך געווים זיין אינטערעסאַנט צו וויסען די באַציהונגען פון איד און גוי אין דער געגענט, צו וועלכער אונזער ליבע שטאָט געהערט.

די געגענט, צו וועלכער נאַוואַרעדאָק געהערט, מאַכט אַ דערפרייענדע אויסנאַהמע אין דעם פאַרטראָגען זיך פון אידען מיט זייערע שכנים פון אַנדערע גלויבענס. די ניט־אידישע באַפעלקערונג באַשטעהט צום גרעסטען טייל פון אַזויגענאַנטע „ביעלאָרוסען" (ווייסע רוסען), וועלכע זיינען צו פערדאַנקען היסטאָרישע אורזאַכען געמעסיגט אין זייער כאַראַקטער און פריי פון דעם נאַציאָנאַליסטישען פאַנאַטיזם, וועלכער כאַראַקטעריזירט צום ביישפּיל די פּאָליאַקען און די אוקראַאינער. אָט דיזע ביעלאָרוסען האָבען מיט די אידען תמיד געלעבט אין פרידען און איך וויים ניט פון קיין שום רייבערייען, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישען זיי, ניט אין דער פאַרגאַנגענהייט ניט אין דער יעצטיגער צייט. די גוטע באַציהונגען צווישען אידען און נאַוואַרעדאָקער גויים האָבען שוין לאַנג געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון באַאָבאַכטער, וועלכע זיינען געווען פאַראינטערעריסט אין דער געגענט, און זיינען געווען די טעמע פון אַ צייטונגקאָרעספּאָנדענץ פון דעם באַריהמטען נאַוואַרעדאָקער קינד, דעם אידישען געלעהרטען דר. אברהם אליהו האַרקאַווי*). פילע גויים פון דעם אָרט זיינען דורך זייער פאַרקעהר מיט'ן אידען געוואָרען אַזוי נאָהענט צו איהם, דאָס זיי האָבען כמעט פאַרגעסען, דאָס זיי זיינען גוייִם. פון זיי האָט זיך רעקרוטירט דער „שבת־גוי", וואָס האָט אָפט געקענט גוט רעדען אידיש, די גויישע רינסט, וואָס איז געווען אַזוי פיל באַהאַוועגט אין אידישקייט, דאָס זי פלעגט מיט די קינדער זאָגען „מודה אַני", ענדליך דער באָד־גוי, וועלכער פלעגט אַלע דאָנערשטאַג רופען אויף אידיש: „בעלי־בתּים אין באָד אריין!" דורך די אינטימע באַציהונגען פון דעם אידען מיט'ן ביעלאָרוס זיינען אין דער ביעלאָרוסישער שפּראַך איבערגעגאַנגען פילע אידישע אויסדריקען און ווערטער, ווי „באַלאַבאָס", „באַלאַבאָסקאַ" (באַלעבאָסטע), „באַכורקאַ" (בחור'טע, אויסגעלאַסענע פרוי), „באָרכאָטאָדונאַאיץ" (זיך שאָקלען, ווי דער איד אין דאַווענען, זאָגענדיג „ברוך אתה ד'), „האַמאַן" (אַ המן, אַ שלעכטער מענש) און פילע אַנדערע.

פאָלגענדע מעשה'לע, וועלכע איך האָב געהערט אין נאַוואַרעדאָק אין אַן אונטערהאַלטענדען געשפּרעך צווישען אַ אידען און אַן איטעליגענטען ביעלאָרוס, כאַראַקטעריזירט זעהר גוט די אינטימע פריינדליכע באַציהונגען צווישען

*) ע"ד אחדות היהודים והנוצרים בנאָווהרדאָק. „המליץ" 1861, נומ. 30.

ביידע נאַציאָנאַליטעטען. א ביעלאָרוסישער גלח קומט אריין אין א שענק טרינקען און איז מכבד א אידען, וועלכען ער געפינט דאָרטען, מיט א פּאָר „לחיים׳ס“; זיי ווערען ביידע שכור און הייבען אָן פּראַווען שכורים׳שע שטיק: שטיפענדיג ווערען זיי אַזוי צוויאַכמערט, דאָס זיי וואַרפען פון זיך אראָפּ די קאַפּאָטעס און טאַנצען א קאַראַהאָד, זינגענדיג דערביי יעדערער וואָס עס ליגט איהם אויף׳ן צונג — דער גלח זיין „האָספּאָדי פּאָמילוי“ און דער איד עפּעס א אידישען פּזמון!

די פריינטשאַפט צווישען די אידען און די ביעלאָרוסען איז נאָך ניט אונטער־געבראָכען געוואָרען און זיי לעבען אויך יעצט בשלום. אין מאַנכע פון די ליובטשער אָקאָפּעס (טרענטשעס), וועלכע אָרימע לייט האָבען געמאַכט פאַר זייערע וואוינונגען, האָב איך געפונען גויים וואוינענדיג מיט אידען אין איין אָפּצאַמונג, ווי זיי וואָלטען צוזאַמען געווען איין פאַמיליע. זייענדיג אין האָראָ־דישטש האָבען מיר איינינע מיטגלידער פון דער קהילה געבעטען איך זאָל פון די אַמעריקאַנער געלט, וואָס איך האָב געבראַכט פאַר די אידען, מנדב זיין א סומע פאַר די קריסטליכע שולע. אין נאַוואַרעדאָק, האָראָדישטש און קאָרע־ליטש זיינען גויים (ביעלאָרוסען) געקומען צו מיר נאָכפרעגען אויף קרובים אין אַמעריקע און בעטען איך זאָל מיטנעהמען גרוסען פאַר זיי. אויך האָבען ביי מיר אָרימע שטאָטישע רוסען געבעטען שטיצע, גלויבענדיג, אז דאָס געלט וואָס איך האָב געבראַכט, איז פאַר אַלעמען אָהן אונטערשייד פון גלויבען. ווען איך האָב זיי העפליך ערקלערט, אז דאָס געלט איז נאָר פאַר די אידען, האָבען זיי ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס דאָס איז אַזוי: זיי איז עס געווען אומפאַרשטענד־ליך דערפאַר, ווייל זיי באַטראַכטען זיך מיט די אידען פאַר איינס.

נאָך אַן עלעמענט פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג, וואָס לעבט גוט מיט די אידען, זיינען די קדרים אָדער טאַטאַרען. פון זיי געפינען זיך א פינף הונ־דערט נפשות אין נאַוואַרעדאָק און עטוואָס ווייניגער אין האָראָדישטש. די טאַטאַרען פון די ערטער זיינען אימער געווען פריינדליך מיט די אידען. דער יעצטיגער „מאָלאַ“ (טאָטערשער גייסטליכער) פון נאַוואַרעדאָק פאַרקעהרט מיט די אידען ווי אַן איינגענער און איז גאַנץ אינטים מיט דעם אידישען לעבען. ער קען גוט רעדען אידיש, מיט אַן עכט אידישען אַקצענט. ווען איך האָב איהם געזעהן צום ערשטען מאָל, האָב איך געמיינט, אז ער איז א איד. אין האָראָ־דישטש האָבען די טאַטאַרען, ווי די ביעלאָרוסען, פאַרלאַנגט שטיצע פון די געלט, וואָס איך האָב געבראַכט, זיך באַטראַכטענדיג פאַר איינס מיט די אידען.

זיי האָבען מיר דערלאַנגט אַ שריפטליכע ביטע אין פּויליש מיט דער איבער־שריפט: „דאָ פּאַנאַ דעפּוטאַטאַ ז אַמעריקי, מעשקאַנצאָוו וו האָראָדישטשו וויזנאַניאַ מאַגעמעדאַנסקיעגאָ“ (דעם הערן דעפּוטאַט פון אַמעריקע פון די האָראָדישטשער איינוואוינער פון מאַהמעדאַנישען גלויבען).

עס בלייבט נאָך איבער צו רעדען פון די באַציהונגען צו אידען פון יענער נאַציאָנאַליטעט, וועלכע האָט די לעצטע צייט אַריינגעקראָגען די הערשאַפט איבער די געגענט, וואָס ווערט דאָ באַשפּראָכען — איך מיין דאָ די פּאָליאַקען.

די פּאָליאַקען אין נאָוואָרעדאָקער ראַיאָן באַציהען זיך צו די אידען מיט דעם זעלבען פּאָראורטייל, ווי אין אַלע אַנדערע ערטער, וואו זייער ממשלה גרייכט, נאָר זייער שנאה מערקט זיך דאָ ניט אַזוי פיל ווי אַנדערשוואו, ווייל זיי זיינען אין אַ קליינער מינאָריטעט און מיט זייער גאַנצער מאַכט קענען זיי דאָ ניט פאַרפיהרען די זעלביגע מעשים ווי דאָרטען, וואו זיי זיינען גרויס אין צאָהל. זיי פיהלען זיך ניט באַקוועם צו סקאַנדאַליזירען צווישען אַ באַפעלקערונג, וועלכע לעבט מיט די אידען אין פרידען, ווען אפילו די דאָזיגע באַפעלקערונג באַשטעהט פון געוועזענע שקלאַפען פון די פּוילישע פּאַנעס. די ביעלאָרוסען זיינען ניט צופרידען מיט דער פּוילישער הערשאַפט און באַטראַכטען זיך מיט די אידען אַלס „אחים לצרה“ (ברידער אין נויט). די פּוילישע מאַכט, וויסענ־דיג דאָס, באַמיהט זיך צו געווינען זייער צוטרויען, און עס וואָלט זיין אַ גרויסער מאַקטישער פעהלער פון זייער זייט, ווען זיי זאָלען ווייזען אכזריות אין דער געגענט אפילו געגען די אידען, ווארום דאָס וואָלט אויך זיין אַן אָנצוהערעניש פאַר די ביעלאָרוסען. זייער שנאה צו די אידען איז דאָ דעריבער אַ פאַרשטיקטע און ווייזט זיך אַרויס אויף אַ שטילען אופן. די היסטאָרישע פּוילישע פאַלשקייט מיט אידען האָט זיך אויך ווידערהאָלט אין דער געגענט. אונטער דער הער־שאַפט פון די דייטשען און די באָלשעוויקעס, ווען זיי זיינען ניט געווען קיין גרעסערע יחסנים ווי די אידען, זיינען די פּאָליאַקען מיט זיי געגאַנגען האַנט־אין־האַנט, האָבען זיך פאַראייניגט מיט זיי, כדי צו שיצען צוזאַמען זייערע אינטערעסען, און האָבען כמעט געשוואָרען אייביגע טרייע ליבע. אָבער ווי נאָר זיי זיינען פטור געוואָרען פון די „פרעמדע“ און די געגענט איז אַרונטער אונטער דעם שוואַרצען פליגעל פון פּוילען, האָבען זיי זיך אָפּגעשאָקעלט פון די אידען, ווי זיי וואָלטען זיי גאָר ניט געקענט. אַזוי איז עס געווען ניט נאָר קאָלעקטיוו, נאָר אויך אינדיווידועל. אידישע אינטעליגענטען, וועלכע האָבען נעבטען גע־צעהלט פּאָליאַקען צווישען זייערע אינטימע פריינט, האָבען אויף מאָרגען גע־

זעהן ווי זיי געהן זיי פאַרביי, גאָרניט דערקענענדיג זיי, ווי זיי וואָלטען גאָר קיינמאָל קיין מגע ומשא ניט געהאַט מיט זיי.

אַזוי פיל וועגען די פּריוואַטע באַציהונגען צווישען פּאָליאַקען און אידען אין נאוואַרעדאָקער געגענט. וואָס אַנבעטרעפט די אָפיציעלע מאַכט, באַמיהט זי זיך צו באַהאַנדלען די אידישע באַפעלקערונג לפנים מיט יושר. זי שטערט ניט די אידען אין זייער אינערליכען לעבען זיך צו פיהרען אויטאָנאָמיש, ווי זי וואָלט וועלען ווייזען, אַז זי פאָלגט אויס דעם ווערסאַילער פרידענס־אָפּמאַך; אָבער וואו זי קען די אידישע באַפעלקערונג טהאָן אַ דריק, טוט זי עס. איהר ענגהאַרציגקייט האָט זיך איבערהויפּט ארויסגעוויזען די לעצטע צייט אין דעם, וואָס זי האָט געלעגט שוועריגקייטען אידישע פאַמיליעס צו קריגען די נעטיגע צייגענישען פאַר פּאַספּאָרטען. די פּוילישע באַאַמטע טראָגען זיך אַרום מיט דער אַלטער טענה געגען אידען, וועגען זייער אָפּגעזונדערטקייט פון דעם הערשענדען פאָלק און מיט דער נייער טענה וועגען געלט־ספּעקולאַציע. ביי אַ באַזוך צום „סטאַראָסטאַ" פון נאוואַרעדאָקער פּאָוויאַט, האָט ער מיט מיר געהאַט אַ שמועס וועגען אידען, און האָט צווישען אַנדערע מיר געשטעלט פאָלגענדע צוויי פראַגעס: 1)פאַרוואָס שטעהען די אידען אָפּ פון דער פּוילישער קולטור, און זייערע אינטעליגענטען האַלטען זיך אָן דער רוסישער, ווערהענד פּוילען איז היסטאָריש געוועזען צו די אידען פריינטליך, און רוסלאַנד האָט זיי אונטערדריקט? 2) וואָס האָב איך צו זאָגען וועגען דעם, וואָס אידען וואַרפען דעם ווערט פון פּוילישע געלט און העלפען די צירקולאַציע פון רוסישען רובעל? (אין נאוואַרעדאָקער געגענט איז דער רובעל מעהר יחסן ווי דער פּוילישער מאַרק). אויף דיזע שאלות האָב איך איהם געגעבען אָפענהאַרציגע תשובות, וועלכע ער האָט געווים ניט דערוואַרט. ענטפערנדיג די ערשטע פראַגע האָב איך איהם אָנגעוויזען אויף דעם מעות וועגען פּוילען'ס היסטאָרישע פריינטשאַפט צו אידען — אָנגעוויזען, דאָס אידען זיינען באַשיצט געוואָרען פון דעם אָפּיציעלען פּוילען צוליב די נוצען פון דער קעניגליכער שאַצקאַמער, אָבער זיינען פון פאָלק גע'רודפ'ט געוואָרען; דאַן האָב איך איהם דערמאָהנט, אַז גראַדע פּוילען אַליין האָט געשטערט די אידען אָנצונעהמען פּוילישע קולטור מיט דעם, וואָס אידען זיינען אָפיציעל געוואָרען אָפּגעזונדערט, און זייער אויטאָנאָמיע, וועלכע האָט דעם אידען געמענט געפעלען, איז אין אמת'ן געווען אַ געצוואונגענע. אין דעם פאַל פון רוסלאַנד — האָב איך איהם דערמאָהנט — זיינען געווען צייטען, ווען די רעגירונג האָט אידען אויפגעמונטערט און צוגעצויגען צו רוסי־

שער קולטור דורך הנחות פאַר געבילדעטע. דאָך, היינט צו טאָג, ווען אידען האָבען זיך אַזוי פיל געענדערט אין דעם פּרט פון אָפּגעזונדערטקייט און אָפּגעשלאָסענקייט, וואָלטען זיי זיך גערן גענומען צו פּוילישער קולטור, ניט אַבטעגדיג אויף די יעצטיגע שטעלונג פון די אידען צו נאַציאָנאַליזם, ווען פּוילען וואָלט זיי גוט באַהאַנדלען. אָבער ווי ווערען די אידען באַהאַנדעלט פון פּוילען? איך האָב איהם דערמאָהנט אָן די פּאָגראָמען און די טעגליכע בערד־שניידעניש, אָן די פאַלשע באַשולדיגונגען, וועלכע מוזען דאָך די אידען אָפּשטויסען פון אַלץ וואָס איז פּויליש. ענדליך האָב איך איהם דערמאָהנט, דאָס אונטער גוטער באַהאַנדלונג דאַרף מען אידען ניט בעטען אָנצונעהמען די קולטור פון הערשענדען פאָלק; דאָס אונטער מענשליכע באַדינגונגען אַסימילירען זיך אידען אָפט מעהר ווי דאָס הערשענדע פאָלק פאַרלאַנגט עס; מען דאַרף געדענקען דעם מוסר השכל פון דער פאַבעל פון דער זון מיט דעם ווינט — דאָס מילדקייט ווירקט פיל מעהר ווי שטרענגקייט. בנוגע דער פראַגע פון מאַרקען און רובעלס, האָב איך איהם אָנגעוויזען אויף פאַקטען, וועלכע זיינען מיר באַקאַנט געוואָרען פון אַרומרייזען אין דער געגענט, נעמליך, דאָס אויך פּאָליאַקען אַנטזאַגען זיך אָפט צו נעהמען פּוילישע געלט און זוכען נאָר רובעלס, וועלכע זיינען גאַנגבאַר אין דער גאַנצער געגענט, און — וואָס איז דער עיקר — די גאַנצע פויערשע באַפעלקערונג אַנטזאַגט זיך פון מאַרקען און ווילען נאָר רובעלס. איך האָב איהם דערמאָהנט אָן דעם באַקאַנטען שפּרוך: „געלט ווייס ניט קיין פּאַטריאָטיזם.“

דער סטאַראָסטאַ האָט ניט געמאַכט קיין איינווענדונגען אויף די תשובות, אָבער ער האָט זיך באַמיהט, צו באַווייזען, אַז אידען זיינען דאָך בעלי־עוולות, גיבען זיך אָפּ מיט „אונעטישע“ באַשעפטיגונגען או. אַז. וו. דאָך ביים געזעגענען זיך מיט איהם פאַר'ן אוועקפאָהרען האָט ער מיר פאַרזיכערט, אַז ווען איך וועל קומען אין נאַוואַרעדאָק אַ צווייטען מאָל וועל איך אַלעס געפינען בעסער.

דער נאַוואַרעדאָקער סטאַראָסטאַ איז אַ מענש מיט אַ הויכער בילדונג, אָבער ער איז אַ פאַנאַטישער נאַציאָנאַליסט. כאַראַקטעריסטיש איז, דאָס אין זיין אינטערוויו מיט מיר האָט ער ניט געוואָלט באַנוצען קיין רוסיש, כאָטש ער קען די שפּראַך זעהר גוט, ווייל ער האָט געקראָגען זיין בילדונג אין רוסישע שולען. ער האָט ליבער איינגעשטימט אויף דייטש, און זיין סעקרעטאַרשע, וועלכע קען די שפּראַך, איז געווען די דאָלמעטשערקע צווישען אונז.

אָט אַזוי שטעהט עס מיט די באַציהונגען צווישען איד און גוי אין נאַוואַרעדאָקער ראַיאָן!

א דאַנק דער פריינטליכער באַציהונג פון דער אַלגעמיינער ניט־אידישער באַפעלקערונג צו די אידישע איינוואוינער, האָבען די אידען א גרויסע ליבע צו זייערע שטעטלאַך און זיינען זייערע הייסע פּאַטריאָטען. זיי האָבען ניט נאָר ליב זייערע ערטער אַלס היים, נאָר אויך זייערע טראַדיציעס, און ניט נאָר די אידישע טראַדיציעס, נאָר אויך די אַלגעמיינע. די קריסטליכע אַלטערטימער פון די שטעט, מעשיות וועגען פּאַרצייטיגע קריסטליכע מלכים, לעגענדעס וועגען מיטראָפּאָליטען או. אז. נ. זיינען ביי זיי אַזוי ליב, ווי ביי דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. אונזערע שונאים, וואָס טענה'ן, אַז אידען זיינען ניט פעהיג צו האָבען א פּאַטריאָטישען צובונד צו זייערע גלות־לענדער, זאָלען געהן אין ביעלאָרוסיע און זיך צוקוקען צו די סענטימענטאַלע באַציהונגען פון די אידישע באַפעלקערונגען צו די שטעט און שטעטלאַך, אין וועלכע זיי לעבען.

## 5. אָרגאַניזאַציע און קולטור.

נאָך דעם ווי איך האָב באַשריבען די לאַגע פון נאוואַרעדאָק אונטער די אָקופּאַציעס און געשילדערט איהר טרויעריגע מאַטעריעלע און פּאָליטישע לאַגע, געה איך איבער צו א פּרעהליכער דערשיינונג פון איהר לעבען — איהר קאָמונאַלע אָרגאַניזאַציע און קולטור.

אין דעם פּרט פון אָרגאַניזאַציע איז נאוואַרעדאָק די קעניגין פון דער גאַנצער געגענט. א ניט קלענערע אויטאָריטעט, ווי דער סעקרעטאַר פון דעם ווילנער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ,“ האָט מיר ביי מיין ערשטען באַזוך אין ווילנע געזאָגט, דאָס די שטאָט איז דער שטאָלץ פון זיין גאַנצען קאָמיטעטסקען ראַיאָן. ווען איך בין שפּעטער אַליין באַקאַנט געוואָרען מיט איהרע פאַרהעלטעגישען, האָב איך אויסגעפונען, דאָס ער האָט ניט מגזם געווען. איך בין געוואָרען פאַרוואונדערט איבער די אָרדענונג, וועלכע איך האָב דאָרטען געפונען אין דעם לעבען פון דער אידישער באַפעלקערונג. דער וואונדער איז ביי מיר געווען: ווי אַזוי א פּראָווינציעלע שטאָט אין א געגענט, וועלכע האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פון דעמאָקראַטישער רעגירונג אין פּאַרלאַמענטאַריזם, זאָל אַזוי גיך כאַפּען דעם שניט. דעם ענטפער אויף מיין פאַרוואונדערונג האָב איך אָבער געפונען: אין דעם פון דער מלחמה געשאַפענעם טרויעריגען צושטאַנד און אין די באַדינגונגען פון דער הילף־טעטיגקייט, וועלכע האָבען געפאָדערט סאָלידאַריטעט אין סיסטעמאַטישע אָרגאַניזאַציע. די נויט איז אַלזאָ דאָ, ווי אומעטום, געווען די מוטער פון דערפינדונג. דאָס וואָס נאוואַרעדאָק האָט אין דעם ענין פון אָרגאַניזאַציע איבערגעפליגעלט אַלע אַנדערע ערטער פון דעם ראַיאָן האָט צו טאָן

מיט דעם צופאַל, דאָס דאָ איז פאַרבליבען אַ גרויסער זאַפּאַס פון פעהיגע אינטע־ליגענטען, פון אַלטען און פון נייעם דור, וועלכע האָבען אין אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט געפונען אַ מיטעל אַרויסצולאָזען זייער גייסטיגע ענערגיע.

די קאָנסטיטוציע פון דער אידישער נאוואַרעדאָק נעהמט אַרום דאָס גאַנצע לעבען פון דער שטאָט. עס איז ניטאָ איין באַדערפעניש פון עולם, וואָס זי האָט ניט באַוואָרענט.

אויף דעם ערשטען פּלאַן קומט די אַלגעמיינע קהילה־אָרגאַניזאַציע.

נאוואַרעדאָקער קהילה איז אַ דעמאָקראַטיש - געוועהלטע קערפּערשאַפט, וועלכע באַשטעהט פון 18 מיטגלידער און 5 „קאַנדידאַטען". די וואַהל איז אויף אַ יאָהר און וועהלער זיינען אַלע מענער און פרויען פון 20 יאָהר און ווייטער.

די עובדות אָדער פונקציעס פון דער קהילה ווערען דורכגעפיהרט דורך אַ „פּלענום" (פולע הויז), אַ „פּרעזידיום" (עקזעקוטיווע), אַ סעקרעטאַריאַט און „קאָמיסיעס" (קאָמיטעס). דער פּרעזידיום שטעלט זיך צוזאַמען פון דעם פאָר־זיצער פון דער קהילה און זיינע צוויי געהילפען, סעקרעטאַר, קאַסיר פון קהילה און די פאָרזיצער פון דער סאָציאַלער, קולטורעלער, פינאַנציעלער און רעלי־גיעזער קאָמיסיעס. די קאָמיסיעס זיינען: 1) קאָמיסיע פאַר סאָציאַלע הילף, 2) פינאַנץ־קאָמיסיע, 3) קולטורעלע קאָמיסיע, 4) רעליגיעזע קאָמיסיע, 6) סטאַ־טיסטישע קאָמיסיע, 7) רעגלאַמענט (באַי־לאָא) קאָמיסיע, 8) רעוויזיאָנס־קאָ־מיסיע, 9) ארץ־ישראל קאָמיסיע.

די נאוואַרעדאָקער קהילה פאַרשטעהט דעם קונץ פון אדמיניסטראַציע, און איהרע סעקרעטאַרען זיינען בעהאַוועגט אין קאַנצעלאַרשצינע, ווי זיי וואָלטען הינטער זיך געהאָט הונדערט־יאָהריגע טראַדיציעס פון זעלבס־רעגירונג. זי־צונגען פון פּרעזידיום קומען פאָר אָפט, פּלענאַרע (פולע הויז) זיצונגען זעל־טענער. פאַר עקסטראַ צוועקען, וואו זיי דאַרפען עפּעס ברייננגען פאַר'ן גרויסען עולם, ווערען אָרגאַניזירט מאַססמיטינגען. אויף צו אָרגאַניזירען אַזעלכע מאַס־מיטינגען, און אויף אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט בכלל, האָבען זיי געניטע מענשען, „אָרגאַניזאַטאָרען." איינער פון די איצטיגע מיטגלידער פון דער קהילה, ה' יעקב ליובטשאַנסקי, איז באַזונדערס געשיקט אין דעם עסק. דאַרף באַרופען ווערען אַ מאַסענפערזאַמלונג, זעצט ער גלייך אין באַוועגונג די יונגע לייט פון שטאָט און עס ווערט אָנגעסטראָיעט אַזוי, אַז צום מיטינג קומט אַן עולם דער־שטיקט צו ווערען. פעהלען אוים וועלכע עס איז מכשירים, אָדער דער מיטינג־לאָקאַל (געוועהנליך דער בית מדרש) איז ניט אין אָרדענונג, ווערט אַלץ שנעל

און פלייסיג געבראַכט אין אָרדענונג. פעהלט אויס אַ ציוניסטישע פאָהן, וועלכע דאַרף פלאַטערן אויף יעדער פאַרזאַמלונג, דערטאַפּט ליובטשאַנסקי ערגעץ אַן אַלטע רוסישע פאָהן פון דער מאָנאַרכיע, רייסט אָפּ איינעם פון די דריי קאָלירען — האָט איהר אַ ציוניסטישען פלאַג!

פאַרלאַמענט־אַרטיג שפּיגעלט אָפּ דער פערסאָנאַל פון דער נאַוואַרעדאָקער דעמאָקראַטישער קהילה אַלע פאַרטייען פון דער באַפעלקערונג און ער באַשטעהט פון „רעכטע“ און „לינקע“ פון פאַרשיידענע שאַטירונגען. צווישען די מיטגלידער זיינען דאָ עקסטרעמע אָרטאָדאָקסען, פון וועלכע דער פיהרער איז דער רב ר׳ מאיר אבאָוויץ. די מאַיאָריטעט בילדען די „לינקע,“ ראַדיקאַלע יונגע מענשען. די צוויי הפוך׳דיגע עלעמענטען זיינען אָבער ניט קיין איינגע׳עקשנ׳טע, זיי מאַכען אָפּט פשרות און האַרמאָנירען זעהר גוט. דער פּאָרזיצער פון דער קהילה, דער אינזשעניער ה׳ מנחם וואַגער, געהערט צו די לינקע, אָבער ער ווערט הויך רעספּעקטירט אפילו פון זיינע פאַרטיי־געגנער.

די באַאַמטע פון דער נאַוואַרעדאָקער קהילה צייכענען זיך אויס מיט זייער ערנסטקייט, געניטקייט און אָרדענונג. האָבען זיי עפּעס צו באַזאָרגען, טוען זיי עס פלייסיג, געשיקט און סיסטעמאַטיש. די פאַרטיילונג פון געלט צו הונדערטער פערזאָנען, וואָס האָט געפאָדערט פיל שרייבעניש און מוסטירעניש פון עולם צו אונטערצייכענען די קבלות, איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין אַ פּאָר טעג צייט מיט גרויס אָרדענונג. ווען איך האָב פאַרלאַנגט מען זאָל צוזאַמענשטעלען אַ סטאַטיסטיקע פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג פון נאַוואַרעדאָק, איז אין 4־5 טעג גענומען געוואָרען דער צענזוס פון אַלע אידישע פאַמיליעס מיט אַלע נעטיגע איינצעלהייטען און איבערגעשריבען געוואָרען אין אַ בוך.

אונטער דער קהילה געהען אַרונטער 15 אַנשטאַלטען: 8 פאַר סאָציאַלע הילף; 6 קולטור־אַנשטאַלטען און 1 יורידישע אַנשטאַלט.

די אַנשטאַלטען פאַר סאָציאַלע הילף זיינען:

1) קינדער־היים, וואו עס ווערען אויפגעהאַלטען 60 קינדער, יתומים און יתומות. די היים איז גוט אויסגעשטאַט, ווערט געהאַלטען זעהר ציכטיג, און די קינדערלאַך ווערען גוט באַזאָרגט.

2) מושב זקנים, היים פאַר אַלטע לייט, וואו עס ווערען אויפגעהאַלטען 30 זקנים און זקנות. די אַנשטאַלט איז שען אויסגעשטאַט, ווערט גע־

האַלטען ציכטיג, אָבער די אַלטע לייט קריגען מאָגערע נאַהרונג, ווייל די מיטלען זיינען קליין.

3) הקדש אָדער האָספּיטאַל, 25 בעטען מיט אַן אייגענער אַפּטייק און אַמבולאַטאָריאום. זעהר אַ שענע געביידע מיט פיל פרייען פּלאַץ ארום און אַ סאָד. אָבער די קראַנקען־צימערען זיינען אָרעם אויסגעשטאַט, מיט בעטלאַך צוזאַמענגעקלאַפּט פון פּראָסטע ברעטער, ווייל עס פעהלען די מיטלען צו פאַר־שאַפען בעסערע. אין דער אַנשטאַלט מערקט זיך די אָרעמקייט מעהר ווי אין אַלע אַנדערע.

4) רויטער מגן דוד. גיט ארוים הויז־קראַנקע און שוואַכע, וועלכע נעטיגען זיך אין פּלעגע, מעדיצינישע הילף, רעצעפּטען און לעבענס־מיטלען.

5) קינדער קיך. פון 600 ביז 660 מיטאָגען טעגליך ווערען פון דער אַנשטאַלט ארויסגעגעבען צו 10 און צו 30 פעניג (אַ צעהנטעל און אַ דריטעל סענט) אַ מיטאָג. אין נויט־פאַלען ווערט געגעבען שטיצע פון דער קהילה.

6) פאָלקס־קיך. 300 מיטאָגען טעגליך צו אָרעמע לייט פריי.

7) שוקדי מלאכה. מען לערנט קינדער מלאכות און מען האַלט זיי אוים מיט אַלעמען. די קינדער פון דיזער אַנשטאַלט באַזוכען די אָווענט־קורסען.

8) גמילת חסד. אָפּערירט מיט אַ קאַפּיטאַל פון 50,000 מאַרק, די הלואות זיינען ביז 500 מאַרק, די אָפּצאָהלונגען מאָנאַטליך אָדער וואָכענטליך.

יורידישע אַנשטאַלט. אַ בית דין. פאַר וועלכען עס קומען פאָר פראַגעס פון אַפּטרופּסות פאַר קינדער, פון ירושות או. אז. וו.

די קולטורעלע אַנשטאַלטען זיינען:

1) פאָלקס־שול, אין וועלכער עס לערנען 250 קינדער געמישט (אינגלאַך מיט מיידלאַך). די לעהר־שפּראַך איז אידיש.

2) בית הספר מיט'ן גן (קינדער־גאַרטען) „מזרחי“, אין וועלכען עס לערנען 230 קינדער, אינגלאַך און מיידלאַך באַזונדער. אין דער אָרטאָדאָק־סישער שול ווערען די קינדער אונטעררריכט אין אַלע לעהר־געגענשטאַנדען. די לעהר־שפּראַך איז טיילס אידיש, טיילס העברעאיש (עברית בעברית).

3) אָווענט־קורסען. ווערען באַזוכט פון 80 דערוואַקסענע קינ־דער, ארבייטער, געמישט.

4) תלמוד תורה. עלעמענטאַרער, רעליגיעזער אונטעררריכט, 43

קינדער. אין דיזער שול לערנען מעהרסטענס קינדער, וואָס האָבען צוליב דער לאַגע אין צייט פון דער מלחמה פאַרשפּעטיגט צו לערנען עברי.

5) גן „טרומפּעלדאָר" ביי די „צעירי ציון". אַ קינדער־גאַרטען אין וועלכען עס געהן ביז 100 קינדער פון 4 ביז 7 יאָהר אַלט, געמישט.

6) גרינס־גאָרטען אָדער זריעה גאָרטען ביי דער פאָלקס־שול. אַ גאָרטען, וואו קינדער לערנען זיך ערד־אַרבעט. עס אַרבעטען טעגליך 80 קינדער, אינגלאַך און מיידלאַך.

צו די אידישע קולטור־אַנשטאַלטען קען מען אויך צורעכענען די שטאָט־ביבליאָטעק (אומגעפעהר 7,000 ביכער אין רוסיש, דייטש אידיש און העברע־איש). זי איז געשאַפען געוואָרען און געפינט זיך אין די הענט פון דער אידישער יוגענט. די ביבליאָטעק האָט אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. זי איז צום גרעס־טען טייל אַ רוסישע און איז אַ ירושה פון דער אַמאָליגער נאַוואַרעדאָקער רו־סישער גימנאַזיע. אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך די אידישע יוגענט אַרומגעזעהן אַרום איהר און האָט זי איבערגענומען. ווער עס זאָל שטערן אין דעם איז ניט געווען. די דייטשען האָט עס ניט געאַרט און די פּאָליאַקען, וועלכע זיינען שפּעטער געקומען, האָט עס נאָך ווייניגער געאַרט, ווייל זיי זיינען שונאים פון רוסישער קולטור, בכן זיינען די אידען געבליבען די יורשים.

די הערשענדע שפּראַך פון נאַוואַרעדאָקער אידען איז אידיש, וועלכע איז די אָפיציעלע שפּראַך פון דער קהילה־אָרגאַניזאַציע און פון אַלע אַנשטאַלטען. די אינטעליגענטען, וועלכע האָבען אַמאָל געלערנט אין רוסישע אוטשילישטשעס, האַלטען זיך אויך אָן רוסיש. אין נאַוואַרעדאָק איז דאָ אַ רוסישע גימנאַזי־ע, וואו די לעהרער זיינען רוסען און אידען, צווישען די לעצטע דער פאָרזיצער פון דער קהילה, ה' וואַגער. מאַנכע אידישע פאַמיליעס שיקען זייערע קינדער אַהין, ווייל קיין אידישע גימנאַזיע איז נאָך ניטאָ. עלעמענטאַרע בילדונג קריגען מעהרסטע נאַוואַרעדאָקער אידישע קינדער אין דער „פאָלקס־שול" אָדער אין דעם בית ספר „מזרחי".

די נאַוואַרעדאָקער שולען ליידען זעהר פיל פון דעם מאַנגעל אין ביכער, וועל־כע זיינען איצט זעהר טייער. דאָס האָט אַרויסגערופען אַ קאָאָפּעראַטיוו פון עלטערן פון שילער, צו האָבען ביכער ביליגער.

אידישע לעהר־אַנשטאַלטען פון אַלטען דור, ווי תלמוד תורה'ס, זיינען אין נאַוואַרעדאָק פאַרשוואונדען. בלויז איין אַלטע אַנשטאַלט פון דעם מין איז נאָך פאַרבליבען — דאָס איז די תלמוד תורה, וועלכע איז דאָ אויבען פאַרציי־

בענט געוואָרען. אָבער אפילו דיזע איז א ביסעל מאָדערניזירט געוואָרען. דאָר־טען ווערט שוין מיט קינדער אויך געלערנט העברעאיש פון די נייע לעהר־ביכער. ווען איך האָב די תלמוד תורה באזוכט האָבען די קינדער פאַר מיר דעקלאַמירט אויף אויסווענינ מאָדערנע העברעאישע שירים און מעשה'לאַך. די לעהרער זיינען שטרענגע אָרטאָדאָקסען און זיי באַטראַכטען די איינפיהרונגען פון מאָ־דערנע העברעאישע לעהר־ביכער פאַר א גרויסע קאָנצעסיע צו דער נייער צייט.

ישיבות זיינען אין נאוואַרעדאָק אין גאַנצען פאַרשוואונדען און ישיבה בחורים זיינען א זאַך פון פאַרגאַנגענהייט. דאָס איז פריהער פאַר אַלץ צו פאַר־דאַנקען דעם טרויעריגער מאַטעריעלער לאַגע, ביי וועלכער „טעג־עסען" איז געוואָרען אוממעגליך — און ווי אזוי איז מעגליך א ישיבה בחור אָהן עסען טעג?

עס איז דאָ נאָך איין זאַך וואָס דאַרף דערמאָהנט ווערען אין פאַרבינדונג מיט דעם קולטורעלען לעבען פון נאוואַרעדאָק — דאָס איז די דראַמאַטישע קונסט. עס איז דאָרטען דאָ א טעאַטער, אין וועלכען וואַנדערנדע שוישפּילער־טרופּעס גיבען פאָרשטעלונגען פון צייט צו צייט. ווען איך בין דאָרטען געווען איז געקומען א טרופּע פון האָראָדנע און האָט געשפּילט גאָרדין'ס „דער ווילדער מענש." אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע האָבען די נאוואַרעדאָקער אַליין גע־בילדעט א טרופּע, וועלכע האָט געשפּילט גאַנץ אָפט. די דייטשען האָבען אין דעם טעאַטער גענומען א גרויסען אינטערעס; זיי האָבען פאַרבעסערט דעם בנין און אריינגעפיהרט עלעקטריציטעט, און זייערע העכסטע מיליטער־באַאַמטע האָבען באזוכט די פאָרשטעלונגען פון די אידישע אַמאַטערען. איצט פּוסטע־יועט עס מעהרסטענס; ווען־ניט־ווען קומט אַראָפּ פון ערגעץ א טרופּע און שפּילט דאָרטען. די נאוואַרעדאָקער מוזען זיך צופרידען שטעלען מיט פאַמי־ליען־צייטפאַרטרייב. עס זיינען דאָ אין שטאָט אייניגע הייזער, וואו מען קען הערען פּיאַנאָ־שפּילען און זינגען. פילע געפינען זייער גייסטיגען צייט־פאַרטרייב אין זינגען פאָלקסלידער, נייע און אַלטע. ביי מאַנכע זיינען נאָך גאַנגבאַר די אַלטע ישיבה־בחור'שע דעקלאַמאַציעס, ווי דער באַריהמטער לצנישער קידוש, וועלכער איז צוזאַמען געפלאָכטען פון פאַרשיידענע פסוקים, קאָמישע פּאַראָדיעס (נאָבקרימענישען) פון מגידים'שע דרשות או. אז. וו.

ניט אַכטענדיג אויף די טרויעריגע צייט, וועלכע די נאוואַרעדאָקער לעבען דורך, סטייעט נאָך ביי זיי מוט זיך צייטענווייז לוסטיג צו מאַכען. אָבער זייער לוסטיגקייט איז ניט קיין טיפע, ניט קיין האַרציגע. די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געווען אין נאוואַרעדאָק האָב איך פון קיינעם ניט געהערט קיין האַרציגען

געלעבטער, ווי מיר הערען עס אָפט דאָ ביי אונז; האַלב־באַוואוסט לעבט אין זיי דער אומעט אפילו אין דעם מאָמענט, ווען זיי מיינען, אַז זיי זיינען לוסטיג. די מלחמה האָט געמאַכט אַ טיפען ריס אין זייערע נשמות.

### 6. הילפסטעטיגקייט. — מיין שליחות.

איך שליס מיין באַריכט איבער נאָוואַרעדאָק מיט דעם ענין פון הילפסטעטיגקייט און מיט מיין שליחות.

ווי איך האָב שוין מיטגעטיילט, געהערט נאָוואַרעדאָק אין דער פאַרטיילונג פון דער אַמעריקאַנער שטיצע צו ווילנער ראַיאָן און איז אונטער דעם קאָמיטעט „יעקאָפּאָ," וואָס פאַרטרעט די „דזשאָינט דיסטריביושאָן." פון „יעקאָפּאָ" באַקומט זי יעדען חודש אַ סומע געלט, וואָס מאַכט אויס אויף איהר חלק לויט דעם איינזעהן פון קאָמיטעט אויף צו שפּייזען די אָרעמע מיטעללאָזע באַפעלקערונג און אויפצוהאַלטען איהרע אינסטיטוציעס. אחוץ שטיצע אין מזומנים באַקומט זי פון צייט צו צייט הילף אין קליידער און שיך. צום טייל ווערט זי אויך געהאָלפען פון דעם אַלגעמיינעם רעליעף פון אַמעריקע פאַר פּוילען, דורך דעם פאַרקויף פון פּראָדוקטען צו ביליגע פּרייזען. אָבער פון אַלע אויסגערעכענטע הילפען צוזאַמען האָט זי ניט געגוג צו דעקען איהר גאַנצע נויט — צו שפּייזען גענוג איהרע הונגעריגע און צו באַקליידען און באַשוכען איהרע נאַקעטע און באָרוועסע. מיט שפּייז קומט זי ווי עס איז אויס דורך דעם, וואָס מען באַנוצט אין די פאָלקס־קיכען אַרטיקלען פון דעם פּראָסטעסטען און ביליגסטען סאָרט און מען טוט אריין אין די פּראָדוקטען אַ סך דערזאַץ (סאָבסטיטיוטס). אָנשטאָט נאַטירליכע מילך, ווערט באַנוצט קאָנדענסירטע, פון געמיינעם סאָרט. ברויט איז געמישט מיט קלייען און ווער ווייס וואָס נאָך פאַר דערזאַצען, און פעטס אין די געקעכצען איז זעהר קאַרג. די נאַהרונג, אויף וועלכע די מיטעללאָזע באַפעלקערונג איז אָנגעוויזען, האָט ניט די „קאַלאָריס", ווי די ווייסענשאַפטליט זאָגען, די וואַרעמקייט, וועלכע איז נעטיג פאַר די געזונטע אויפהאַלטונג און קרעפטיגונג פון דעם מענשליכען קערפּער. די אָרעמע יונגינקע קינדערלאַך, וואָס האָדעווען זיך אויף אַזאַ מאָגערע קעסט, האָבען ניט קיין ווידערשטאַנד אין פאַל פון קראַנקהייט, און די פון זיי, וואָס וועלען דערלעבען אויסצוואַקסען, וועלען זיין קראַפטלאָזע און ענערגיעלאָזע מענשען. מיט קליידונג און שיך איז עס אָבער נאָך ערגער. ווען די באַשפּייזונג איז אפילו אָן אָרעמע, גרייכט זי דאָך אַלעמען. די הילף אין באַקליידונג גרייכט בלויז אַ קליינעם טייל פון די, וואָס נעטיגען זיך אין דעם. דאָס איז דערפאַר ווייל קליי־

דער זיינען אַ צו־טייערער אַרטיקעל צו פאַרטיילען פריי צו יעדען. דער רעזול־טאַט איז, אַז בשעת אַלע מיטעלאַזע קענען ווי עס איז פריי קריגען עסען, קענען ניט אַלע קריגען מיט וואָס צו באַדעקען זייער נאַקעטקייט און באָרוועסקייט, צו שיצען זיי אין קעלט און נאַסקייט. לאַנדסמאַנשאַפטען אין אַמעריקע וואָלטען אויפגעטאָן אַ גרויסע זאַך, ווען זיי וואָלטען יעדע געגרינדעט אַ חברה „מלביש ערומים" און געשיקט קליידער נאָך זייערע אַלטע היימען. די קליידער און שיך דאַרפען ניט דוקא זיין קיין נייע; די אַלטע, וואָס מען וואַרפט דאָ אַוועק, וואָל־טען פאַר זייערע אָרעמע ברידער און שוועסטער דאָרטען געווען יום־טוב'דיגע מלבושים.

די אומגליקליכע, וועלכע לעבען אויף קאָמיטעטסקע הילף, כאָטש זייער נויט איז נאָך ווייט ניט געהאָלפען אין גאַנצען, באַקלאָגען זיך חס ושלום ניט אויף די ניט גענוגקייט פון די שטיצע־מיטלען. זיי פאַרשטהען גאַנץ גוט, אַז כ'טו די גרעסטע אַנשטרענגונגען פון זייערע ברידער פון דער זייט ים קען מען די באַדערפעניסען פון גאַנצע עולם'ס ניט באַפרידיגען, און זיי זיינען זעהר דאַנקבאַר זייערע גוטהערציגע וואָוילטעטער פאַר דאָס, וואָס ווערט געטאָן. זיי בענשען און לויבען אַמעריקע און איינשטימיג זאָגען זיי אין אַלע ערטער, וואו אונזער הילף גרייכט, אַז ווען ניט אַמעריקע וואָלט דאָס גאַנצע אייראָפּעאישע אידענטום אונטערגעגאַנגען. די דאַנקבאַרקייט צו אַמעריקע האָט שוין אין נאַוואַרעדאָק געפונען איהר אויסדרוק אין אַ פאָלקסליד, וואָס ווערט געזונגען פון דער יוגענט. דאָס ליד איז עטוואָס הומאָריסטיש און באַציהט זיך אויף די קליידער, וואָס זיינען צוגעשיקט געוואָרען פון דאַנען צו פאַרטיילען אין פוילען. זיי זינגען:

לעבען זאָל אַמעריקע,
לאַנג יאָהר זאָל זי געניסען;
ווען זי האָט דערוואוסט זיך,
אַז מיר געהען אָפּגעריסען,
האָט זי אונז געקליידט
אין זיידענס און אין פליושען,
האָט זי אונז געמאַכט
פאַר יאָלדען אין קאָפּעליושען!

די פאַרוואַלטונג פון דער שטיצע, וואָס קומט פון אַמעריקע, איז אין די הענד פון דער קהילה, וועלכע פיהרט די זאַך מיט גרויס אָרדענונג. יעדע אַנשטאַלט פאַ־

פּיהרט פּינקטליכע חשבונות. דער אויפזעהער און צו איהם נאָך ווער, וואָס דאַרף טאָן שטענדיגע אַרבעט, ווי צום ביישפּיל די קעכין אין דעם פאַל פון פאָלקס־קיך, באַקומען געהאַלט. די איבעריגע אַרבעטן, ווי אויסטיילען און סערווירען, ווערט געטאָן דורך פרייוויליגע מענער און פרויען, באַזונדערס יונגע בחורים און מיידלאָך, פון דער באַמיטעלטער קלאַס. די נאַוואַרעדאָקער אידישע יוגענט איז זעהר פיל אָפּגעגעבען צו העלפען דער אָרימער באַפעלקערונג מיט טאַט. פאַר דעם פאַרגאַנגענעם פּסח האָבען די נאַוואַרעדאָקער בחורים און מיידלאָך אָנגעטאָן פאַרטוכער און געאַרבעט אין „פּאָדראַד,“ כדי די אָרימע זאָלען האָבען ביליג מצה. אַזוי גיבען זיי אויך זייער פרייוויליגע מיטווירקונג אויף דעם קולטורעלען געביט אין די שולען, קינדערגאַרטענס, או. אז. וו.

אונטער דעם דרוק פון אַזאַ געמאַטערטער עקסיסטענץ, ווי די נאַוואַרעדאָקער פיהרען, קען מען זיך לייכט פאָרשטעלען זייער פרייד, ווען זיי האָבען געקראָגען די ידיעה, דאָס עס פאָהרט צו זיי אַ שליח פון דער וויטער אַמעריקע, און זייער שמחה, ווען ער איז ענדליך געקומען צו זיי מיט דער געלט־שטיצע, וועלכע דער נאַוואַרעדאָקער הילף־קאָמיטעט פון ניו יאָרק האָט פאַר זיי געשיקט אין דעם נאָמען פון זייערע אָמאָליגע שטאָטלייט. עס איז איינפאַך ביי זיי געוועזען אַ יום טוב.

דאָס געלט וואָס איך האָב געבראַכט אין נאַוואַרעדאָק, האָב איך פאַרטיילט און אַסיגנירט נאָך דעם, ווי איך האָב זיך גענומען צייט באַקאַנט צו ווערען מיט דער לאַגע פון שטאָט און מיט די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. אַסיגנירענדיג דאָס געלט, האָב איך געמאַכט אַ פּשרה צווישען דעם וואונש פון דער מאַסע, וועלכע פאַרלאַנגט איבעראַל חלוקה פער קאָפּ, און דעם פּרינציפּ פון די גרויסע קאָמיטעטען וועלכען איך האָב אַנדערקענט פאַר גערעכט, צו העלפען קאָלעקטיוו, דאָס הייסט, אינסטיטוציעס. די חלוקה פּער קאָפּ ווירקט איבעראַל זעהר דעמאָראַליזירענד; אויסער דעם, וואָס זי העלפט וועניג, פיהרט זי צו מחלוקות און האָדעוועט דעם גייסט פון שנאָררעריי. ניט קענענדיג אין גאַנצען אויסמיידען די אינדיווידועלע חלוקה, האָב איך זיך באַנוגענט מיט דעם, וואָס איך האָב געגעבען די איבערגעוויכט צו די אינסטיטוציעס און האָב זיי אַסיגנירט זעכציג פּראָצענט. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז העלפענדיג אינסטיטוציעס, העלפט מען די באַפעלקערונג פיל מעהר ווי ווען מען צעלומעט די געלט אויף קליינע נדבות פּער קאָפּ. דאָך דאַרף מען אין דער פראַגע ניט געהן צו ווייט. מיט אַלע אַנשטאַלטען פאַר סאָציאַלע

הילף, זיינען דאָך דאָ פאַלען, וואו אינדיווידועלע געלט־שטיצע איז נויטיג, יוי צ. ב. ש. ווען אַ געפאַלענע פאַמיליע שעמט זיך צו נעהמען מאָלצייטען אין פאָלקס־קיך, אָדער אימעצער דאַרף האָבען הוצאות אויף צו פאָהרען צו אַ דאָקטאָר ערגעץ, און נאָך אַנדערע פאַלען. נעהמענדיג דאָס אין באַטראַכט, האָב איך אין נאַוואַרע־דאָק איינגעפיהרט אַ נויט־קאַסע מיט אַן ערשטען פאָנד פון 90,000 מאַרק. די ערשטע הילף פון דעם פאָנד, 2,000 מאַרק, איז אַוועקגעשיקט געוואָרען אין האָראָדנע צו אַ בלינדען זקן פון אַרום 90 יאָהר, וועלכער איז אַמאָל געווען איינע פון איהרע שעהנסטע בעלי־בתים און איז די לעצטע צייט ארומגעגאַנגען בלינדער־הייט אין די הייזער בעטלען.

מיין טעטיגקייט אין נאַוואַרעדאָק איז ערעפענט געוואָרען דעם 9טען מאַי מיט אַ פאָלקס־מיטינג אין גרויסען בית מדרש, וואו די פאָרשטעהער פון דער קהילה און פון אַלע אינסטיטוציעס האָבען אין האַרציגע רעדעס באַגריסט דעם גאַסט, אויסגעדריקט זייער טיפען דאַנק צו זייערע מיטליידיגע ברידער אין אַמעריקע, און געשילדערט די טרויעריגע לאַגע פון שטאָט אין די יאָהרען, וואָס זי איז געווען אָפּגעשניטען פון דער וועלט. נאָך די באַגריטונגס־רעדעס איז געקומען מיינע, אין וועלכער איך האָב זיי אין די שענסטע ווערטער, וואָס איך האָב פערמאָגט, איבער־געגעבען דעם גרוס פון זייערע ווייטע ברידער, וועמעס האַרץ עס קלאַפּט שטענדיג פאַר זיי.

פאַר מיין אָפּפאָהרען האָבען די נאַוואַרעדאָקער גאָר מעשה גרויסשטאָטיגע געגעבען אַ באַנקעט, אין וועלכען עס האָבען גענומען אַנטייל די פני פון אַלטען און נייעם דור, פון די „רעכטע, און די „לינקע“. דאָס איז געווען אַ געלעגענהייט פון ערנסט און אויך פון לוסטיגקייט. עס זיינען געווען „טאָסטען.“ די „רעכטע“ און די „לינקע“ האָבען זיך געקיבעצט. ר׳ מיכל, דער שמש פון דער קהילה, האָט געמאַכט צוויי לחיים׳ס, פאַר די לינקע און די רעכטע, ווייל, ווי ער האָט געזאָגט, ער איז נייטראַל. מען האָט געטאַנצט אַ קאַראַהאָד, אין וועלכען איך האָב זיך ניט אַנטזאַגט אָנטייל צו נעהמען, כאָטש מיין האַרץ האָט אין מיר געוויינט. די אַפּער האָט זיך געענדיגט מיט אַ געזעגען־רעדע פון מיר, אין וועלכער איך האָב אויס־געדריקט מיין באַדויערען וואָס „מיין קבר וועט ניט זיין דאָרטען, וואו מיין וויגעלע איז געווען! “

---

# הוספה צום באַריכט.

## נאַוואַרעדאָק אונטער לעצטער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע.

(יוני־סעפּטעמבער 1920.)

קורץ פאַר מיין אָפּפאָהרען פון פּוילען איז נאַוואַרעדאָק ווידער געוואָרען אָקופּירט פון די באָלשעוויקעס, ביי וועמען זי איז פאַרבליבען ביז ענדע סעפּטעמבער. וואָס דאָרטען איז פאָרגעקומען אונטער דער נייער אָקופּאַציע האָבען מיר ניט געוואוסט, וויַיל די שטאָט איז געווען אָפּגעשניטען פון דער וועלט. ידיעות וועגען דעם האָט אונז געבראַכט אונזער געעהרטער לאַנדסמאַן, ה׳ נ. ל ע ד י אַ ט י צ ק י, וועלכער איז ענדע לעצטען יאָהר (1920) געקומען אין אַמעריקע. ה׳ דעליאַטיצקי איז פון די אינטעליגענטסטע יונגע לייט פון נאַוואַרעדאָק, וואו ער האָט גענומען אַ גרויסען אָנטייל אין דער טעטיגקייט לטובת דער באַפעלקערונג. אויף מיין בקשה האָט ער מיר צוגעשטעלט נאָטיצען פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין אונזער שטאָט פאַר די דאָזיגע צייט. די נאָטיצען זיינען געשריבען אין רוסיש. פאָלגענדע איז אַ גענויע איבערזעצונג:

אין אָנהייב יולי האָבען די באָלשעוויקעס דורכגעריסען דעם פּוילישען פראָנט אויף דער טייך בערעזינאַ, און אָפּטרעטענדיג האָבען די פּוילישע סאָלדאַטען אָנגעהויבען קומען נעהענטער צו מינסק. צו אונז איינוואוינער פון נאַוואַרעדאָק איז דערגאַנגען אַ קלאַנג, דאָס די פּאָליאַקען צעשטערען אַלעס אויף זייער וועג, זיי ברענען הייזער און באַרויבען די אידישע באַפעלקערונג. מיט שרעק האָבען מיר דערוואַרט וואָס דער קומענדיגער טאָג גרייט פאַר אונז צו.

דעם 10טען יולי אין אָוונט האָבען מיר געהערט, דאָס די באָלשעוויקעס האָבען גענומען מינסק און די פּאָליאַקען האָבען אָפּטרעטענדיג אונטערגעצונדען זאַכאַריעווסקע גאַס אונטער דעם אויסרייד, אַז מען האָט דאָרטען געפונען פּולעמיאָטען (קוילען־וואַרפערס) און אַמוניציע, און זיי האָבען געמאַכט פּאָגראָמען. די אַלע ידיעות האָבען אונז שרעקליך אומרוהיג געמאַכט און די באַפעלקערונג האָט דערוואַרט אַ צרה. די אָרטיגע באַאַמטע האָבען פאַרזיכערט, אַז ביז נאַוואַרעדאָק וועלען די באָלשעוויקעס ניט דערגעהן, אָבער אין דער זעלביגער צייט זיינען דער קסיאָנדז און איניגע פון די באַאַמטע

אָפּגעפאָהרען פון נאַוואָרעדאָק. צוויי און צוואַנציג פאַמיליעס האָבען זיך געקליבען אוועקפאָהרען אין אַמעריקע, אָבער עס איז געווען אַ שטערונג: דער סטאַראָסטאַ האָט ניט געגעבען די נעטיגע פּאַפּירען. אַן אַדוואָקאַט האָט זיך אונטערגענומען פאַר 40,000 מאַרק צו קריגען די דאָזיגע פּאַפּירען און עס האָט איהם געלונגען. ער איז אוועק אין ווילנע נאָך אַ גובערנאַטאָרסקען פּאַס, אָבער ער האָט זיך באַלד אומגעקעהרט צוריק, ווייל ווילנע איז שוין געווען עוואַקואירט. בכן זיינען די דאָזיגע פאַמיליעס ווידער פאַרבליבען אָפּגעריסען פון זייערע מענער און פאָטערס און זיינען געוואָרען פאַראורטיילט אויף הונגער, ווייל מיט דעם אָנקומען פון די באָלשעוויקעס זיינען די פּאָסט־פאַרבינדונגען מיט אַמעריקע געוואָרען איבערגעריסען.

דעם 12טען יולי האָבען די פּאָליאַקען פאַרלאָזענדיג די שטעטעל קאָידאַנאָווא נעראַבירט און געבערענט. נאַוואַרעדאָקער איינוואוינער, וואָס האָבען געהאַט פערד, זיינען געלאָפען אין וואַלד, ווייל די סאָלדאַטען האָבען אָנגעהויבען רויבען. עס האָבען זיך באַוויזען אין שטאָט די „פּאָזנאַנטשיקעס“ — די חיות אין מענשענגעשטאַלט — און האָבען גענומען פאַרפיהרען זייערע מעשים. אויף די אָנוויייזונג פון אָרומיגע פּויערים, וואו עס געפינט זיך סחורה, האָבען זיי אויפגעבראָכען די קראָמען, אַרויסגעוואָרפען די סחורה אויף'ן גאַס, וואו פּויערים און סאָלדאַטען האָבען דאָס צעראַבירט. דאָס איז געטאָן געוואָרען פאַר די אויגען פון די אָפיצערען און די אָרטיגע באַאַמטע. די פּאַניקע אין שטאָט איז אומבאַשרייבליך. די פּאָזנאַנטשיקעס האָבען געזאָגט, אַז יעצט איז געקומען די צייט זיך אָפּצורעכענען מיט די "זשידעס„ און האָבען געראַבירט רעכטס און לינקס.

אָפּטרעטענדיג פון דער שטעטעל מיר האָבען סאָלדאַטען פאַרגוואַלדיגט צעהן אידישע מיידלאך. דעם 12טען יולי זיינען אַרעסטירט געוואָרען דריי אידישע יונגע לייט אויף'ן חשד, דאָס זיי סימפּאַטיזירען מיט די באָלשעוויקעס.

די עוואַקואַציע איז געווען אין שנעלען גאַנג און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אָפּגעפאָהרען די גאַנצע אָרטיגע מאַכט, עס איז בלויז פאַרבליבען דער וואָיענער קאָמענדאַנט, און די צוריקטרעטענדע סאָלדאַטען זיינען געוואָרען די גאַנצע בעלי בתים, זיי האָבען באַזוכט כמעט יעדע הויז און האָבען צוגענומען וואָס זיי האָבען געוואָלט.

דעם 19טען יולי בייטאָג זיינען דורכגעגאַנגען די לעצטע סאָלדאַטען, די סאָציעלע הילף האָט אַן אויפזעהער, וועלכער פאַסט־אויף אויף די ווירטשאַפט אין

איינוואוינער האָבען זיך אַלץ באַהאַלטען אין די הייזער, און אין אַ פּאָר שעה איז אָנגעקומען די באָלשעוויסטישע קאַוואַלעריע. דעם צווייטען טאָג זיינען די ווענט פון די הייזער געווען באַדעקט מיט פאַרשיידענע פּריקאַזען, וועגען אַרויסגעבען געוועהר, וועגען דער רעגיסטראַציע פון דער מענליכער באַפעלקערונג, וועגען נעהמען אויף רעכענונג יוארע, ווי מאַנופאַקטור, פעל, פּאַפּיר א. אַז. וו. פרייער האַנדעל מיט די באַצייכענטע סחורות איז פאַרבאָטען געוואָרען. אַלע קראָמען זיינען געוואָרען פאַרמאַכט און די באַפעלקערונג איז געבליבען אָהן קיין שום איינטרעגליכע באַשעפטיגונג. אָנשטאָט דעם יעדען טאָג מיטינגען מיט מוזיק און געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל“ און פּריקאַזען אויף די גאַסען.

אין אַ פּאָר וואָכען אַרום איז דערקלערט געוואָרען אַ מאָביליזאַציע פון 19-ביז 31-יאָהריגע און די וואָס זיינען געפונען געוואָרען פאַר פעהיג, זיינען אוועקגעשיקט געוואָרען אין די „זאַפּאַסנע“ (רעזערוונע) פּולקען.

אין דער צווייטער העלפט פון סעפּטעמבער האָבען די פּאָליאַקען זיך אָנגעהויבען רוקען צו נאַוואַרעדאָק. די באַפעלקערונג איז ווידער געוואָרען אומרוהיג, און די, וואָס האָבען געדינט אין סאָוויעטסקע אַמטען, האָבען ניט געוואוסט וואָס זיי זאָלען טאָן. בלייבען אין נאַוואַרעדאָק האָט געמיינט ווערען אינטערנירט פון די פּאָליאַקען, וואָס עס האָט געשמעקט מיט טויט, און דעריבער האָבען מעהרערע אָנגעזעהענע פערזאָנען, ווי דער פּאָרזיצער פון דער קהילה, ה׳ מנחם וואַגער, איינינע מיטגלידער פון דער קהילה, און מאַנכע אַנדערע, באַשלאָסען אוועקצוגעהן אין סאָוויעט-רוסלאַנד, און מיט טיפען שמערץ אין דער נשמה האָבען מיר באַגלייט אונזערע בעסטע אַרבעטער, וועלכע אַנטלויפען פון די פּאָליאַקען.

דעם 30טען סעפּטעמבער ביי נאַכט האָבען זיך באַוויזען די פּאָליאַקען. דעם צווייטען טאָג זיינען אַרעסטירט געוואָרען זיבען פערזאָן, וועלכע זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרען אין לידער טורמע. די פּוילישע סאָלדאַטען האָבען ווידער אָנגעהויבען זייער אַרבעט; זיי האָבען אַראָפּגענומען שטיוועל פון די פיס אין די גאַסען, זוכען אין די קעשענעס, צונעהמען געלט או. אַז. וו.

---

.IV

# נאַוואַרעדאָק אין אַמעריקע.

## איינוואַנדערונג און אָרגאַניזאַציע.

(פון מאַקס אַברינסקי.)

שוין איבער דריי צעהנדליג יאָהר, דאָס אונזערע נאוואַרעדאָקער האָבען אָנגעפאַנגען צו קומען נאָך אַמעריקע. ווי געוועהנליך, איז זייער ערשטער פּלאַץ געווען ניו יאָרק. אַזוי שנעל ווי עס האָבען זיך געפונען א 5-6 נאוואַרע־דאָקער אין ניו יאָרק, האָבען זיי שוין אָנגעפאַנגען טראַכטען וועגען האָבען עפּעס א מין פעראיין, וואו זיי זאָלען זיך צוזאַמענקומען. זייער ערשטע זאָרג איז געווען צו האָבען א נאוואַרעדאָקער „מנין", וואו זיי זאָלען זיך צוזאַמענ־קומען אַלע שבת דאַווענען צוזאַמען.

אין שוין מיט 28 יאָהר צוריק האָבען זיי זייער וואונש פערוואַנדעלט אין א ווירקליכקייט. ביי א לאַנדסמאַן אין א וואוינונג פלעגען זיך צוזאַמענקומען יעדען שבת א 7-8 לאַנדסלייט און אריינרופענדיג א פּאָר שכנים פון הויז פלעגען זיי דאַווענען צוזאַמען. נאָך'ן דאַווענען פלעגען זיי זיצען צוזאַמען און דערצעהלען פון זייערע פּאַסירונגען אין פערלויף פון דער פאַרגאַנגענער וואָך.

אז א נייער נאוואַרעדאָקער עמיגראַנט פלעגט אָנקומען, איז זיין ערשטע אַרבעט געווען אויסצוזוכען דעם נאַוואַרעדאָקער „מנין", און דאָרטען האָט ער שוין געטראָפען זיינע לאַנדסלייט, וועלכע פלעגען ארויסהעלפען זייער נייגעקומענעם לאַנדסמאַן צייטענווייז מיט א נאַכט־לעגער און מאַנכמאָל אויך מיט א פּאָר סענט.

### דער ערשטער נאַוואַרעדאָקער פאַראיין.

ווען די צאָהל פון נאַוואַרעדאָקער האָט זיך פאַרגרעסערט איז געגרינדעט געוואָרען דער ערשטער נאוואַרעדאָקער פאַראיין אונטער'ן נאָמען: „נאוואַ־רעדאָקער ברידער פאַראיין" (געטשאַרטערט אין אָלבאַני דעם 8טען מערץ, 1901, אונטער'ן נאָמען: „נאוו. בראָדהערס אַסאָסיעישאָן").

די איניציאַטאָרען פון דעם פאַראיין זיינען געווען פאָלגענדע לאַנדסלייט: ה' אברהם לייבאָוויץ, געוועזענער טרעזשורער פון הילף־קאָמיטעט; ה' יעקב סאָלאָווייציק, ה' יודעל בערקאָוויץ, ה' ישעיה דוד שטיין.

גלייך פון זיין גריגדונג אָן איז דער „ברידער פאַראיין" געוואָרען דער צענטער

פון דער נאַוואַרעדאָקער קאָלאָניע אין אַמעריקע. ביי ה׳ אברהם ליבאָוויץ אין שאַפּ האָט מען צו יעדער צייט, געקענט טרעפען לאַנדסלייט, סיי „גרינע“ און סיי פון די קאָנטרי־שטעט אַרום ניו יאָרק. דאָרט, האָט מען געוואוסט, קען מען אויסגעפינען אַן אדרעס פון אַ לאַנדסמאַן, אויך אַ גרוס פון דער אַלטער היים האָט מען דאָרט געקענט אָפּנעהמען. 101 העסטער סטריט, וואו עס געפינט זיך די נאַוואַרעדאָקער שול, איז באַוואוסט יעדען לאַנדסמאַן, סיי אין ניו יאָרק סיי אויסער ניו יאָרק.

איינער פון די איבערגעגעבענסטע מיטגלידער פון „ברידער פאַראיין“ איז ה׳ דוד קירשטיין, וועלכער איז יאָהרען לאַנג געוועזען פּרעזידענט פון נאַוואַרע־דאָקער שול.

דער יעצטיגער פּרעזידענט פון שול איז ה׳ מאַקס יעלין, וועלכער איז ענדע מערץ דעם יאָהר אָפּגעפאָהרען נאָך נאַוואַרעדאָק אין דער שליחות פון דעם נאַוואַרעדאָקער הילף־קאָמיטעט.

צווישען די פּראָמינענטע מיטגלידער פון „ברידער פאַראיין“ דאַרף אויך דערמאָהנט ווערען הרב יעקב הורוויץ, דער מחבר פון ספר „רוח יעקב“, וועלכער האָט פיל צייט אָוועקגעגעבען דעם פאַראיין.

דער „ברידער פאַראיין“ האָט אין דעם טויט פון איהרע צוויי עלטעסטע מיטגלידער ר׳ מרדכי מיכאַילאָווער און ר׳ קלמן וואַגנער פאַרלאָרען איהרע איבערגעגעבענסטע און טרייעסטע פריינט. די פאַרשטאָרבענע האָבען אימער גענומען אַ גרויסען אָנטייל אין אַלע נאַוואַרעדאָקער אַנגעלעגענהייטען. זייערע הערצער האָבען אימער וואַרעם געשלאָגען פאַר אונזער אַלטע היים. עהרע זייער אַנדענקען!

דער „ברידער פאַראיין“ האָט אויך אַ „גמילות חסד“ פאַר אייגענע מיט־גלידער מיט אַ באַדייטענדער סומע אין דער קאַסע. דער פאַראיין צעהלט 180 מיטגלידער.

## נאַוואַרעדאָקער פּראָגרעסיוו אַסאָסיעישאָן.

דער יונגערער עלעמענט פון נאַוואַרעדאָקער, וועלכע זיינען אָנגעשמעקט מיט די אידעאַלען פון דער נייער צייט, האָט געשאַפען אַ באַזונדערן פאַראיין אונטער דעם נאָמען „נאַוואַרעדאָקער פּראָגרעסיוו אַסאָסיעישאָן“.

די „פּראָגרעסיוו אַסאָסיעישאָן“ איז געגרינדעט געוואָרען פון ה׳ מאַקס אָברינסקי מיט דער מיטהילף פון ה׳ היימאַן רובין, ה׳ דזש. פרענקלין און ה׳ מ. מאָסטקאָף, דעם 19טען אַפּריל, 1904.

דער צוועק פון דעם פאַראיין איז געווען אַריינצוציהען די נאַוואַרעדאָקער יוגענט פוןביידע געשלעכטער (וועלכע האָבען צו יענער צייט אָנגעפאַנגען צו אימיגרירען אין אַ גרויסער צאָהל) אין דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, און צו זעהן אַז די ניי־אָנגעקומענע זאָלען אַריינקומען אין די יוניאָנס, און איבער־הויפּט צו שאַפען שטיצע פאַר דעם „בונד" אין רוסלאַנד. דיזע אידעאַלען האָט דער פאַראיין אָנגעפאַנגען דורכצופיהרען גלייך ביי זיין גרינדען. צו אויפקלערען די נאַוואַרעדאָקער יוגענט זיינען אָראַנזשירט געוואָרען פאָרלע־זונגען (לעקטשורס), וועלכע זיינען גוט באַזוכט געוואָרען.

דער פאַראיין האָט פיל צו פערדאַנקען זיין עקסיסטענץ ה' אַלכסנדר האַר־קאַווי, וועלכער האָט פיעל מיטגעהאָלפען מיט ראָט און טאַט. ווער פון די לאַנדסלייט געדענקט עס ניט ה' האַרקאַווי'ס ערשטע פאָרלעזונגען, צו וועלכע עס פלעגען קומען די נאַוואַרעדאָקער יוגענט און אויך דער עלטערער דור, און די דעבאַטען נאָך די פאָרלעזונגען, וועלכע פלעגען זיך פאַרציהען ביז נאָך האַלבער נאַכט?

מיט דער גרינדונג פון דער „פּראָגרעסיוו אַסאָסיעישאָן" האָט זיך אָנגעפאַנ־גען אַ טעטיגקייט פאַר אונזער אַלטע היים. ווען עפּעס אַן אומגליק פלעגט פּאַסירען אין אונזער געבורטשטאָט און מען האָט זיך דאָרטען גענעטיגט אין הילף, פלעגט דורך די איניציאַטיווע פון דעם פאַראיין גלייך די נעטיגע הילף געשאַפען ווערען. אין הילף־טעטיגקייט איז דער פאַראיין אימער געגאַנגען האַנט־אין־האַנט מיט די עלטערע נאַוואַרעדאָקער לאַנדסלייט.

די פּראָגרעסיוו אַסאָסיעישאָן" איז אין 1910 געוואָרען אַ ברענטש פון אַרבייטער רינג.

אין דעם טויט פון זייער מיטגליד שאול פרענקלין האָט די „פּראָגרעסיוו אַסאָסיעישאָן" פאַרלאָרען אַן איבערגעגעבענעם און טרייען חבר, וועלכער האָט פיל מיטגעהאָלפען צו פאַרווירקליכען די אידעאַלען פון דעם **פאַראיין.**

די „פּראָגרעסיוו אַסאָסיעישאָן" האָט 225 מיטגלידער.

## נאַוואַרעדאָקער לאָדזש.

אויסער די צוויי ברידערליכע פאַראיינען פון דעם אַלטען **דור און** דעם נייעם דור, איז דאָ נאָך אַ נאַוואַרעדאָקער אָרגאַניזאַציע, וועלכע קען באַטראַכט ווערען אַלס נייטראַלער באָדען פאַר די אַלטע און די יונגע. די אָרגאַניזאַציע איז די „נאַוואַרעדאָקער לאָדזש נומער 536 א. אָ. ב. אַ." וועלכע צעהלט יעצט 200 מיטגלידער. די „נאַוואַרעדאָקער לאָדזש" איז געגרינדעט געוואָרען אין

1909. די גרינדער זיינען געווען: ה' בער אַריעוויץ, געוועזענער טשערמאַן פון דעם עקזעקוטיוו פון הילף־קאָמיטעט און יעצטיגער טראָסטי; ה' יעקב פיינמאַן, דער יעצטיגער טשערמאַן פון הילף־קאָמיטעט; ה' א. ראָו, איינער פון די טעטיגסטע מיטגלידער לטובת אונזער אַלטע היים, און נאָך איניגע.

## נאַוואַרעדאָקער פרויען־פאַראיין.

אויך די פרויען פון נאַוואַרעדאָק זיינען אָרגאַניזירט פאַר טעטיגקייט לטובת זייערע שוועסטער און ברידער. מיר האָבען דאָ אַ „נאַוואַרעדאָקער פרויען־פאַראיין" אָדער, ווי ער ווערט אָנגערופען אין ענגליש, „לײדיס' סאָסאיעטי". דער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרען דעם 2טען דעצעמבער, 1907. איהרע גרינדער זיינען געווען: יעקב פיינמאַן, מרס. ליוואַי (פּרעזידענט), רבקה קיר־שטיין, אַלטע טאָקער, עלקע לייבאָוויץ און שרה סעלצער.

דער „פרויען־פאַראיין" טוט זעהר פיל פאַר די נאַוואַרעדאָקער אָרעמע לייט דאָ אין לאַנד און פאַר אונזערע אומגליקליכע שוועסטער און ברידער אין דער אַלטער היים. ער נעהמט זעהר אַ גרויסען אַנטייל אין דער אַרבעט פון הילף־קאָמיטעט. צווישען די ביישטייערונגען צו דער געלט־שטיצע פאַר נאַ־וואַרעדאָק זיינען די טשעקס פון דעם „פרויען־פאַראיין" אימער די ערשטע.

## ר' דוב בער אַריעוויץ.

פון די טוער פאַר אונזער געבורטשטאָט צייכענט זיך אויס דער עהרווירדיגער ר' דוב בער אַריעוויץ, וועלכער אַרבעט זעהר פלייסיג לטובת נאַוואַרעדאָק. ניט קוקענדיג אויף זיין עלטער (זאָל ער מאריך ימים זיין!) איז ער טעטיג אין יעדער אונטערנעהמונג לטובת אונזער אומגליקליכע שטאָטלייט.

## ה' איזידאָר מיללער.

איינער פון די איבערגעגעבענסטע לאַנדסלייט, וועלכער אַרבעט לטובת נאַ־וואַרעדאָק ביי יעדער געלעגענהייט, איז דער טאַלענטפולער פידעל־שפּילער ה' איזידאָר מיללער. נאָך אַלס יונגער בחור'ל האָט ער אַנטייל גענומען אין יעדען קאָנצערט, וואָס די נאַוואַרעדאָקער לאַנדסלייט האָבען אַראַנזשירט, און אַזוי איז ער איבערגעגעבען ביז היינטיגען טאָג.

---

די צאָהל פון נאַוואַרעדאָקער אין אַמעריקע ווערט געשאַצט אויף 4 ביז 5 טויזענט נפשות. זיי זיינען יעדענפאַלס דאָ גרעסער אין צאָהל ווי זייערע ברידער אין דער אַלטער היים, וואו זיי זיינען יעצט ווייניגער ווי פיר טויזענט.

זייער צאָהל אין ניו יאָרק סטעיט קען געשאַצט ווערען אויף ניט ווייניגער ווי 3,000, די איבעריגע זיינען צעשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד.

אין ניוארק, ניו דזשערזי, געפינט זיך אַ באַדייטענדע צאָהל נאוואָרעדאָקער. זיי האָבען זיך מיט איניגע יאָהר צוריק אָרגאַניזירט אַלס ברענטש פון דעם הילף־קאָמיטעט.

אין שיקאַגאָ געפינען זיך ניט פיל נאוואָרעדאָקער, דאָך זיינען זיי פאַראייניגט אין אַ ברענטש פון ניו יאָרקער הילף־קאָמיטעט. לעצטען יאָהר (1920) האָבען זיי צוגעשיקט 700 דאָלאַר פאַר די מלחמה־קרבנות פון נאוואָרעדאָק. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָבען זיי געגרינדעט אַן אונטערשטיצונגס־פאַראיין, איינער פון די טעטיגסטע מיטגלידער פון פאַראיין איז ה' מאַנדעל וואַגער.

---

# „נאוואָרעדאָקער הילף־קאָמיטעט" אין ניו יאָרק.

(פון לואיס גאַלינסקי.)

אין דעם יאָהר 1914, ווען די וועלט־מלחמה איז דערקלערט געוואָרען, און אונזערע לאַנדסלייט דאָ אין אַמעריקא האָבען דעם קלענסטען פּאַרדאַכט געהאַט, דאָס אונזער אַלטע היים וועט זיך געפינען אין נויט, האָבען מיר באַצייטענס געהאַט אַ צוזאַמענקונפט פון לאַנדסלייט און באַטראַכט וואָס מיר זאָלען טאָן און מיר האָבען זיך געמאַכט גרייט צו קומען צו הילף.

מיט דעם אַנטוויקלונג פון דער מלחמה אין 1915 דערוויסען מיר זיך דורך די פּרעסע פון דער טרויעריגער לאַגע פון נאוואָרעדאָק. דאָס האָט אונז דער־וועקט צו ענערגישער טעטיגקייט, און דעם 15טען סעפּטעמבער ווערט אָפּגע־האַלטען אַ קאָנפערענץ צו באַקלערען ווי צו שאַפען ממשות'דיגע הילף. מיר קומען צום שלוס, דאָס די הילף־ארבעט דאַרף זיין קודם־כל אַ פאַראייניגטע. איינלאַדונגען ווערען ארויסגעשיקט צו אַלע היגע נאוואָרעדאָקער אָרגאַניזאַ־ציעס — צו דער „פּראָגרעסיוו אַסאָסיאיישאַן," צו „נאוואָרעדאָקער לאָדזש," צום „ברידער־פאַראיין," און צום „פרויען פאַראיין," — צו אַ מיטינג אויף דעם 27טען סעפּטעמבער אין נאוואָרעדאָקער שול (101 העסטער סטריט). דיזען מיטינג באַצייכענען מיר אַלס די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דעם נאוואָרעדאָקער „הילף־קאָמיטעט". אויף דעם מיטינג איז באַשטימט געוואָרען די פּאַרטרע־טערשאַפט און עס זיינען דערוועהלט געוואָרען באַאַמטע. נאָך דיזע פאָרמאַלי־טעטען זיינען מיר גלייך אריבער צו דער פראַגע ווי צו שאַפען געלט. עס ווערט

אַלס ערשטער שריט באַשלאָסען אַ שטייער פון 100 דאָלאַר אויף יעדע אָרגאַני־זאַציע, דאַן צו רופען אַ פאַרזאַמלונג פון לאַנדסלייט. דעם 21טען נאָוועמבער דעם זעלביגען יאָהר ווערט אָפּגעהאַלטען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, צו וועלכער עס זיינען געווען געלאַדען הרב א. אידעלסאָן, ה׳ אַלכּסנדר האַרקאַווי, און נאָך אייניגע אַלס רעדנער, און עס ווערט געזאַמעלט אַ באַדייטענדע סומע געלט. נאָך דעם מיטינג הייבען אָן אַריינקומען נדבות פון אַלערליי קוועלען: פון אונטערהאַלטונגען, פון שמחות (חתונות, ברית׳ן). מיר שלאָגען אָן פּושקעס אין די הייזער פון לאַנדסלייט און דערפון שאַפט זיך אויך אַ נישקאָשעדיגע סומע.

דורך די אַלע מיטלען האָבען מיר צוזאַמענגעקראָגען אַ פּאָר טויזענט דאָלאַר און זיינען געווען גרייט אַרויסצושיקען די ערשטע הילף, אָבער די קאָמוניקאַציע מיט נאַוואַרעדאָק איז אָפּגעריסען און עס איז ניטאָ קיין וועג ווי זי צו גרייכען. ענדליך איז באַקאַנט געוואָרען, אַז די „דשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטי" נעהמט אָן געלט צום איבערשיקען אין די געגענטען, וועלכע זיינען אָקופּירט פון די דייטשען. מיר שיקען דורך זיי אַלס אַ פּראָבע 550 דאָלאַר. נאָך דעם פאַר־לויף פון אַ 4—5 חדשים איז דערהאַלטען געוואָרען אַ קבלה. און תכף איז אַרויס־געשיקט געוואָרען נאָך אַזאַ סומע, אויף וועלכע נאָך עטליכע חדשים איז אויך דערהאַלטען געוואָרען אַ קבלה. אויסער קבלות אויף די געלט־זענדונגען, האָבען מיר קיין זאַך פון אונזער היימשטאָט ניט באַקומען.

ניט הערענדיג קיין ידיעה פון נאַוואַרעדאָק פון ענדע 1916 ביז סעפּטעמבער 1919, ווערט אונזער הילף־טעטיגקייט אָפּגעשטעלט פאַר די עפענטליכקייט, אָבער פון צייט צו צייט קומען זיך צוזאַמען עטליכע אַקטיווע טוער ניט צו לאָזען די הילף־אַרבעט אין גאַנצען אונטערגעהן ביז דער צייט, ווען די שטאָט וועט ווערען צוגענגליך פאַר הילף.

אָנפאַנג סעפּטעמבער 1919 הייבען אָן קומען בריוו, וועלכע שילדערן די טרויעריגע לאַגע. ווידער לעבט אויף דער הילף־קאָמיטעט און וועקט די לאַנדס־לייט צו טאָן זייער פליכט. דעם 19טען אָקטאָבער ווערט אָפּגעהאַלטען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג, וועלכע ווערט אַדרעסירט פון הרב נ. יודעלעוויץ, הרב א. אידעלסאָן און נאָךאייניגע, און ווידער ווערט געזאַמעלט געלט. ביי דער דאָזיגער פאַרזאַמלונג ווערט אויך געלעזט די שווערע פּראָבלעמע ווי אַזוי אונזער הילף זאָל גרייכען אונזער שטאָט. עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ שליח נאָך נאַוואַרעדאָק מיט דעם אויפטראַג איבערצוגעבען אונזער הילף און אויסצוגעפינען איהר מצב. אָבער מי ומי ההולכים? וואו געפינט מען אַ

פּערזאָן, וואָס זאָל וועלען אונטערנעהמען די שליחות און זאָל זיין פעהיג זי דורכצופיהרען? און צום מיטינג ווערט באַריכטעט, דאָס עס איז דאָ אַזאַ פּערזאָן, און קיין אַנדערע ווי אונזער אַלטער גוטער פריינד ה׳ אלכסנדר הארקאַווי, וועלכער איז וויליג עס צו אונטערנעהמען. דער באַריכט האָט ארויסגערופען פרייד און עס איז גלייך געוואָרען אַ לעבעדיגע טעטיגקייט, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט דערפאָלג. אין דער שליחות פון ה׳ הארקאַווי זיינען צו איהם צוגעשטאַנען די לאַנדסלייט פון האָראָדישטש, ליובטש, סעליוב און אַנדערע. דעם 20טען יאַנואַר ווערט אָפּגעהאַלטען אַ געזעגען־פאַרזאַמלונג און דעם 19טען פעברואַר באַגלייטען די מיטגלידער פון קאָמיטעט ה׳ אלכסנדר הארקאַווי צום שיף, איבערגעבענדיג איהם אַ סומע פון אכט טויזענט דאָלאַר פאַר אַלגעמיינע שטיצע און עטליכע און צוואַנציג טויזענט דאָלאַר פּריוואַטע געלטזענדונגען פאַר נאוואַרעדאָק, אויך צעהן טויזענט דאָלאַר פאַר די אויבען דערמאָהנטע שטעטלאַך.

מיט דער שליחות פון ה׳ הארקאַווי האָט זיך אונזער טעטיגקייט ניט גע־ענדיגט. מיר האָבען קורץ נאָך דעם ארויסגעשיקט 1,500 דאָלאַר אַלגעמיינע הילף און בערך 15,000 דאָלאַר פּריוואַטע זענדונגען. אַפּריל הייַנטיגען יאָהר (121) האָבען מיר ארויסגעשיקט אַ צווייטען שליח, ה׳ **מאַקס יעלין**, מיט 15,000 דאָלאַר אַלגעמיינע הילף און איבער 40,000 דאָלאַר פּריוואַטע זענדונגען.

**אונזער הילף־קאָמיטעט איז געטשאַרטערט אונטער דעם נאָמען**

**United Nowogrodek Relief Committee.**

**די יעצטיגע באַאַמטע זיינען:** י. פיינמאַן, פּרעזידענט; מאַקס יעלין, טרע־**זשורער;** ל. גאָלינסקי, סעקרעטאַר; מרס. ד. קירשטיין, ר. פאַלק, טראַסטים.

---

# אַלבום.



די סצענעס און גרופּעס פון היינטיגער נאַוואַרעדאָק זיינען פאָטאָגראַפירט געוואָרען ביי אלכסנדר האַרקאַווי׳ס באַזוך, פון די אַרטיסטען ה׳ יעקב וויניק און ה׳ משה שימענאָוויץ. די מעהרסטע בילדער זיינען פון דעם ערשטען; דעם צווייטענ׳ס זיינען: „אויסצאהלונג פון געלטזענדונגען,“ „מושב זקנים“ און „גמרא קלאַס.“

# פאַרצייכנונג פון בילדער.

דאָס הויז, אין וועלכען מיצקעוויטש איז געבאָרען געוואָרען.
אַדאַם מיצקעוויטש.
ר׳ משה האַרקאַווי.
עטיל ר׳ משה׳ס.
דבורה ראָם.
הרב יחיאל מיכל עפּשטיין.
ר׳ זעליג.
ר׳ איסר „דער מתמיד.“
ר׳ סעדיה.
ר׳ הענדיל דער מלמד.
דר. אברהם אליהו האַרקאַווי.
וולאַדימיר האַרקאַווי.
עוזר דער קלעזמער.
ציגעניש פון „שוקדי מלאכה.“
אנבליק פון נאַוואַרעדאָק.
בליק אויף פּערעשיקע.
שלאָסבאַרג.
טייל פון מאַרק (די קראָמען).
טייל פון מאַרק (קארעליטשער גאַס).
טייל פון מאַרק מיט די לאַרעס.
דער מאַרק.
קאראַליטשער גאַס.
טייל פון וואַליקער גאַס.
שלאָסגאַס.
אידישע גאַס.
קאַוואַליסקער גאַס.
די שול (פון דרויסען).
די שול (פון אינוויינינג).
טויער פון בית־עולם.
טייל פון בית־עולם.
קבר פון הרב אלכסנדר זוסקינד.
אויסצאָהלונג פון געלטזענדונגען פון ניו יאָרקער הילף־קאָמיטעט.
נאַוואַרעדאָקער קהילה.
פאַרוואַלטונג פון „מושב זקנים.“
פאַרוואַלטונג פון „קינדערהיים“.
פּעדאַגאָגישע זיצונג פון ביה״ס „מזרחי.“
דירעקטאָריום פון ביה״ס „מזרחי.“
פאַרוואַלטונגען פון „פאָלקסקיך“ און „קינדערקיך.“
בית־דין של יתומים.
פאָלקסקיך פאַר דערוואַקסענע.

גרופּע אָרעמע ביי דער פאָלקסקיך.
פאַרוואַלטונג פון „הקדש.“
דער „הקדש“ פון אינוויינינג.
פאַרוואַלטונג פון „רויטען מגן־דוד.“
די אַלטע לייט פון „מושב זקנים.“
די פאָלקסשול.
בית הספר „מזרחי.“
גמרא־קלאַס פון ביה״ס „מזרחי.“
זריעה־גאָרטען פון פאָלקסשול.“
גרופּע קינדער פון קינדערהיים.
קינדערגאָרטען פון פאָלקסשול.
קינדערגאָרטען פון ביה״ס „מזרחי.“
די קינדערהיים.
אין קינדערהיים ביים עסען.
הדר פון תלמוד־תורה.
תלמידים פון תלמוד־תורה מיט די לעהרער און גבאים.
שילער פון „שוקדי מלאכה“ מיט דעם קאָמיטעט.
פאָלקסמיטינג לכבוד אלכסנדר האַרקאַווי.
שפּאַציר אויף׳ן שלאָסבאַרג.
מיטגלידער פון דער קהילה מיט אלכסנדר האַרקאַווי ביי די חורבות אויף׳ן שלאָסבאַרג.
תלמידים פון פאָלקסשול מיט די לעהרער אויף׳ן שלאָסבאַרג.
אלכסנדר האַרקאַווי׳ס אַוועקפאָהר.
פּראָצעסיע אויף׳ן שלאָסבאַרג דעם 3טען מאַי — פייערונג פון דער פּוילישער קאָנסטיטוציע.
פּראָצעסיע אויף׳ן שולהויף דעם 3טען מאַי.
אַלטע אידען ביי דער אַרבעט אונטער די דייטשען.
אַ גרופּע אידען ביי דער אַרבעט אונטער די דייטשען.

---

[illegible]ר הילף־קאָמיטעט אין 1920.
דער הילף־קאָמיטעט אין 1921.
קאָמיסיע פאַר די אַרויסגעבונג פון דעם בוך „נאַוואַרעדאָק.“
גרינדער פון דעם „בונד“ אין נאַוואַרעדאָק.




**דאַס הויז, אין וועלכען עס איז געבאָרען געוואָרען דער באַריהמטער פוילישער פּאָעט אַדאַם מיצקעוויטש.**

(זיין בילד אויף דער צווייטער זייט.)

אַדאַם מיצקעוויטש פאַרדינט דערמאָהנט צו ווערען אין דעם בוך ניט נאָר אַלס קינד פון נאַוואַרעדאָק, נאָר אויך וועגען זיין שטעלונג צום אידישען פאָלק. ער איז געווען איינער פון די ווייניגע פוילישע גרויסע לייט, וועלכע, זייענדיג אַליין אונטערדריקט, האָבען האַרציג מיטגעפיהלט מיט דעם פאַרפאָלגטען אידען. די נאַוואַרעדאָקער אידען עהרען זיין אָנדענק ניט ווייניגער ווי די פּאָליאַקען און דאָס הויז, אין וועלכען ער איז געבאָרען געוואָרען, ווערט ביי זיי באַטראַכט פאַר אַ הייליגטום.



ר' משה האַרקאַווי.



עטיל ר׳ משה׳ס



דבורה ראָם (געבאָרען האַרקאַווי).



ר׳ זעליג (פֿולער נאָמען: עזריאל זעליג).



ר׳ סעדיה (פאַמיליע־נאָמען: קאַנטראָוויץ).



וולאַדימיר (וואָלף) האַרקאַווי.

חברת שוקדי מלאכה בנאוואהרדאק

מכתב תודה וברכה

יום ד' ה' חשוון תרנ"ג

## להאדון הנכבד
## שבתי בן אברהם רבינוביץ
סופר ומזכיר חברתנו.

החברה שוקדי מלאכה בהכירה לטוב
ובהוקירה את פעולותיך הנעלות לטובתה תתכבד
לברכך בזה לרגלי ברית־הארושים הכרותה בינך ובין
העלמה הכבודה
**שרה בת פסח**
ואנחנו תפלה לה' בעל הגמולות כי יאמר
לדבק טוב ויברך אתכם באריכת ימים עושר
ואושר ברוב טוב ועונג לשמחתנו ולטובת חברתנו
הואיל נא אדון נכבד לקבל את ברכתנו זאת
לאות תודה על פעולותיך בחברתנו עד היום ולאות חפצנו
ובקשתנו כי תוסיף לשקוד על מלאכתך גם לימים הבאים
**ברגשי־כבוד**

נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]

נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]
נאום [illegible]

אַ צייגניש פון חברה „שוקדי מלאכה“ פון יאָהר 1893.

(פון די אונטערשריפטען קען מען זעהן ווער עס זיינען דאַן געווען
די מיטגלידער פון דער חברה.)



אָנבליק פון דער שטאָט פון ווייטען.




א בליק אויף פערעשיקע.




דער שלאָסבאַרג.




אַ טייל פון מאַרק.




טייל פון מאַרק מיט די „לאַרעס".



דער מאַרק.
(אויבען צו רעכטס: האַרקאַווי'ס מויער.)



קאָרעליטשער גאַס.



אַ טייל פון וואַליקער גאַס.



א טייל פון מאַרק און שלאָס־גאַס.



אַריינגאַנג פון אידישער גאַס.




קאָוואַליסקער גאַס.



די שול פון דרויסען.



דער טויער פון בית עולם מיט דעם קברות־מאַנ׳ס הייזעל.



אַ טייל פון בית עולם.



אלכסנדר האַרקאַווי ביי זיין זיידענ׳ס קבר.
(דער אַלטער מאַן צו לינקס איז ה׳ פּיוווישאָוויץ, דער קברות-מאַן



אויסצאָהלונג פון די געלט־זענדונגען פון ניו יאָרקער הילף־קאָמיטעט דורך זיין שליח אלכסנדר האַרקאַווי און מיטגלידער פון דער קהילה.



די קהילה מיט אלכסנדר האַרקאַווי.

פון רעכטס—שורה 1: זאַבאָלאָצקי אָסטאָשינסקי, וואַגער, האַרקאַווי, הרב אַבאָוויץ, יודעלעוויץ, שמערקאָוויץ, שוואַרץ.
שורה 2: אַבראַמאָוויץ, וויניק, פּאָלאָנסקי, ד. כהן, ד. וואַגער, ש. כהן, וואַסערמאַן, עפראָן, מיכל דער שמש.
שורה 3: גוטמאַן, גינענסקי, ליובטשאַנסקי, שקאָלניק, בערקאָוויץ, אַייזענבערג.



פאַרוואַלטונג פון „מ״יב זגנ״ז" מיט אלכסנדר הארקאווי.
פון רעכטס — שורה 1: פרל. ברוק, איוועניעצקי, שמערקאָוויץ, האַרקאַווי, יודעלעוויץ, עפשטיין
שורה 2: פרל. אורינאָווסקי, פאָלאָנסקי, פרל. שטעליץ, פרל. יודעלעוויץ, איוועניעצקי, פרל. קאַמעניעצקי,
פרל. לאַסאָוושציק.



פאַרוואַלטונג פון „קינדערהיים“.

פון רעכטס—שורה 1: אוזראַעליט, גענענסקי, מיטראָפאָליטאַנסקי, פרל. וואַגער, פרל. ליובעצקאַ, איווענעצקי
שורה 2: פאָלאַנסקי, פרוי אײשישסקאַ, ד. כהן, שאַפּיראָ, באָגאַטין, ראָזין.




פעדאַגאָגישע זיצונג פון „בית הספר מזרחי“.



דירעקטאָריום פון „בית הספר מזרחי“ מיט אלכסנדר האַרקאַווי.



פאַרוואַלטונג פון פאָלקס־ און קינדער־קיכען און די מיטהעלפער ביים
פאַרטיילען דאָס עסען, מיט אלכסנדר האַרקאַווי.



בית דין של יתומים מיט אלכסנדר האַרקאַווי.

פון רעכטס — ראָזין, טשאַסאָווּשציק, הרב אַבאָוויץ, האַרקאַווי, ראַבינער איזענבערג, מישקאָווסקי.
(דער אַלטער מאַן אויבען: ר׳ פסח פרידבערג.)



פאָלקסקיך פאַר דערוואַקסענע.

די אַרויסגעבונג פון וואַרימע געקעכטץ. דערביי איז אלכסנדר האַרקאַווי.



א גרופע אָרעמע ביים באַקומען זייער פּאָרציע פון פאָלקסקיך.



פאַרוואַלטונג פון בית החולים „הקדש" מיט אלכסנדר האַרקאַווי.
(ביי דער געביידע פון „הקדש.")



דער בית החולים „הקדש“ פון אינווייניג.



פאַרוואַלטונג פון „רויטען מגן־דוד“.



די פּאָלקסשול.

א לעקציע פון געאָגראַפיע אין 1טען קלאַס.



„בית הספר מזרחי.“
אַ לעקציע פון געאָגראַפיע פון ארץ ישראל.



גמרא-קלאַס פון „בית הספר מזרחי.״

(א פאַרהער אין דער אַנװעזנהייט פון אַלכּסנדר האַרקאַווי.)



זריעה־גאָרטען ביי דער אידישער פאָלקסשול.
(צום לערנען קינדער ערד־אַרבעט.)



אַ גרופּע קינדער פון „קינדערהיים" אין דעם טאָג פון דער „גאולה פייערונג."



קינדערגאָרטען פון דער אידישער פאָלקסשול.



קינדערגאָרטען פון „בית הספר מורחב", מיט דעם לעהרער ה' וואָלפאָוויץ.



די קינדערהיים.

דער לעהרער, ה׳ ת. איזיקאָוויץ, זינגט מיט די קינדערלאַך „אויף׳ן פריפעטשאָק“ אין אַנוועזענהייט פון אלכסנדר האַרקאַווי און זיין באַגלייטער ה׳ י. וואַלק, פון ווילנער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“.



אין קינדערהיים ביים עסן.



דער חדר פון תלמוד תורה, אויפ'ן שולהויף.



די תלמידים פון דער תלמוד תורה מיט די לעהרער און גבאים.
מיט הרב מאיר אַבאָוויץ און אלכסנדר האַרקאַווי ביי דער זייט.




**די שילער פון „שוקדי מלאכה“ מיט דעם קאָמיטעט.**

די מיטגלידער פון קאָמיטעט זיינען די זיצענדע אין דער מיטעלסטער שורה, זיי זיינען פון לינקס: שקאָלניק, פרל. גלובאָק, יאָסעלאָווסקי, סאַפּאָטניצקי, אַבראַמאָוויץ, פרל. יאָסעליעווסקי, פרל. קליאַטצקין, — ? — ד. כהן, מאַלישיצי, — ? — ביטענסקי.



פאָלקס־מיטינג אויף׳ן שולהויף דעם 9טען מאַי 1920, לכבוד אלכסנדר האַרקאַווי
דעם שליח פון נאַוואַרעדאָקער הילף־קאָמיטעט פון ניו יאָרק



אַ שפּאַציר אויף׳ן שלאָסבאַרג פון איניגע מיטגלידער פון
דער קהילה מיט אַלכסנדר האַרקאַווי.
(די טרעפּ אין דער חורבה זיינען צוגעבויט געוואָרען פון די דייטשען
אין דער צייט פון דער מלחמה).



מיטגלידער פון דער קהילה מיט אלכסנדר האַרקאַווי
זיצענדיג ביי די חורבות אויף'ן שלאָסבאַרג.



תלמידים פון פאָלקסשול מיט די לעהרער אויף'ן שלאָסבאַרג.
(אלכסנדר האַרקאַווי אויבען צווישען דער גרופּע ביים וואַנט פון דער חורבה.)



אלכסנדר האַרקאַווי׳ס אַוועקפאָהר.



פראָצעסיע אויף'ן שלאָסבאַרג דעם 3טען מאַי — פייערונג פון דער פוילישער קאָנסטיטוציע.



פּראָצעסיע אויף׳ן שולהויף דעם 3טען מאַי—פייערונג פון דער פּוילישער קאָנסטיטוציע.



אַלטע אידען ביי דער אַרבעט אויף׳ן שאָסע אין דער צייט פון דייטשער אָקופּאַציע.



א גרופע אידען ביי דער ארבעט אין דער צייט פון דייטשער אקופאציע



**נאַוואַרעדאָקער הילף־קאָמיטעט אין ניו יאָרק (1920).**

פון רעכטס — שורה 1: י. פיינמאַן, הרב אידל אידעלסאָן, א. האַרקאַווי, הרב אברהם אהרון יודעלעוויץ, הרב זלמן גאָלובאָווסקי, ב. אַריעוויץ.

שורה 2: א. לייבאָוויץ, מ. יעלין מ. אָברינסקי, ל. לאַגאָטסקי, ד. נאַבימאָווסקי, ס. פאָרמאַן, ל. פּאָמעראַנץ.

שורה 3: יצחק פיינמאַן, ד. קירשטיין, ש. פּאָלאָנסקי, ה. בודנער, ה. סינענסקי, ל. גאָלינסקי.



נאַוואַרעדאָקער הילף־קאָמיטעט אין ניו יאָרק (1921).
פון רעכטס — שורה 1: י. ראו, ד. קירשטיין, א. האַרקאַווי, י. פיינמאַן, ב. אַריעוויץ, ל. גאָלינסי.
שורה 2: יצחק פיינמאַן, באַשע סאַליוואַן; מ. יעלין, נ. א. לעמוט, ה. קאַפּלאַן, י. מאַסלאָף, מ. אָברינסקי,
אַלטע טאָקער, ר. פאַלק, מ. קריזשאַווסקי.
שורה 3: ד. בעלל, ה. איזראַעל, י. ניאַנקאָווסקי, ל. זלאָטניק, א. שאַפּיראָ, א. קאַבאַק, ל. לאַגאָטצקי.



קאָמיסיע פאַר די אַרויסגעבונג פון דעם בוך „נאַוואַרעדאָק.“

פון רעכטס — שורה 1: ה. קאַפּלאַן, י. מאַסלאָף, א. האַרקאַווי, ב. אַריעוויץ, ר. פאַלק, מ. אָברינסקי.
שורה 2: ל. גאָלינסקי, ה. איזראַעל, ד. בעלל, י. פיינמאַן, י. ניאַנקאָווסקי, ל. לאַגאָטסקי, נ. א. לעמוט,
א. שאַפּירא.



גרינדער פון דעם „בונד" אין נאַוואַרעדאָק.

פון רעכטס — שורה 1: ה. קאַפּלאַן, ה. מעסילאָף.
שורה 2: ה. מישקאָווסקי, מ. קיוועלעוויץ, ח. גאָטליעב, ה. מאַסלאָוואַטי, אַרקע דער בלי־זמר, א. ברודע, י. מאַסלאָוואַטי